ח. ל. סיימאן

# א ווינקל
# אין דער וועלט



שיקאגא
1946

צו אַלע פריינד וואָס האָבן מיטגעהאָלפן אין דער אַרבעט פון צוזאַמענשטעלן און קאָרעגירן דעם בוך — אונדזער האַרציקער דאַנק.

דאָרא סיימאָן און קינדער

אַרויסגעגעבן פון
אַ גרופּע פריינט און פאַרערער

געדרוקט פון
שפּיגל פּרינטינג קאָמפּאַני
2469 וו. ליסבאָן עוו.
מילוואָקי, וויסקאָנסין



# חיים לייזער סיימאָן

(1896 — 1945)

דער דיכטער חיים לייזער סיימאָן איז געבוירן געוואָרן אין שטעטל קעלם, ליטע, אין יאָר 1896. זיין עלטער זיידע איז געווען דער ליקניקער רב און זיין פאָטער שבתי יצחק און די מוטער חנה מנוחה זיינען געווען זייער רעליגיעז. חיים סיימאָן האָט געהאַט צוויי ברידער און צוויי שוועסטער. דער יינגסטער ברודער איז אומגעקומען פון די היטלער באַנדעס אין קעלם, און דער עלטערער ברודער, וועלכער איז געווען אין דער אַלטער היים אַ ישיבה בחור, איז אין ניו יאָרק. אויך חיים סיימאָן האָט אין זיינע אינגלשע יאָרן געלערנט אין אַ ישיבה, ביז ער האָט אַרויסגעוואַנדערט קיין אַמע־ריקע. אין 1920 האָט ער געהייראַט דאָרא ראָזענשטיין, אַ טאָכטער פון אַ חסידישער משפחה, אַ זייער טעטיקע ציוניסטישע טוערן מיט וועלכער ער האָט געהאַט צוויי קינדער — אַ זון אריה לייב און אַ טאָכטער שולמית.

ח. ל. סיימאָן האָט אַלע זיינע שפּעטערישע יאָרן פאַרבראַכט אין שיקאַגאָ, וואו ער האָט זיך באַליבט געמאַכט באַ אַלעמען, איבער־הויפּט באַ די פּאַרטיי־חברים און באַ די דיכטער קאָלעגן. ער איז געווען אַן איבערגעגעבענער חבר און מיטשאַפער צו אַלע קולטור טעטיקייטן אין שיקאַגאָ.

חיים סיימאָן האָט אָנגעהויבן צו שרייבן פרי. אַן אָנגעלאָ־דענער מיט אַ מיסטיציזם, וועלכן ער האָט מיטגעבראַכט מיט זיך נאָך פון דער אַלטער היים, האָט ער זיך אין זיין נייער היים—שיקאַ־גע ענג פאַרבונדן מיט דער שרייבער משפּחה און האָט אָנגעהויבן דרוקן לידער, וועלכע האָבן זיך אויסגעטיילט מיט זייער פילאָזאָפיש־מיסטישן אינהאַלט. ער האָט זיך באַטייליקט מיט לידער אין „שי־קאַגער רעקאָרד", „קוריער", זשורנאַל „שיקאַגע", זשורנאַל „די

פעדער" און אין „דעם קעמפּער". אין יאָר 1934 האָט ער אַרויס־ געגעבן זיין ערשטן בוך לידער, וועגן וועלכן עס האָבן זיך אָפּגערופן אַ ריי שריפטשטעלער אָפּשטעלנדיק זיך איבערהויפּט אויף זיין מיסטישפּולן אינהאַלט. אין „קוריער" האָט דר. ישראל מאַרקוס געשריבן וועגן סיימאַנ'ס בוך דאָס פאָלגענדע: „סיימאַן באַזיצט אַ סך פאַנטאַזיע און אַ פיינעם אינטעלעקט. ער האָט זיינע טיפע ספקות, וואָס פאַנגען זיין נשמה און ער זוכט אויסצוגיסן זיי אין פערזן. ער איז רייך אין זיין טעמאַטיק, אַלץ גייט דורך זיין דיכ־ טערישן געמיט."

איבערהויפּט האָט אים גוט פאַרשטאַנען ב. ריווקין, וועלכער איז געווען זייער באַפריינדעט מיט סיימאַנען אין די יאָרן וואָס ער האָט געוואוינט אין שיקאַגע. ב. ריווקין האָט אין זשורנאַל „שיקאַ־ גע" פּרובירט צו געבן דעם תמצית און געמיט פון סיימאַנ'ס שאַפן אַזוי ווי בלויז ריווקין האָט אים געקאָנט דערזען.

„עס איז מיר קלאָר" — האָט ריווקין געשריבן — „אַז ח. ל. סיימאַן האָט זיין אייגענע פּאָעטישע איבערלעבונג. דאָס בוך האָט אַ דופּק און פון דעם דופּק קען מען זיך אָנשטויסן וואו עס קלאַפּט בײַ אים דאָס האַרץ. דאָס האַרץ פון דעם בוך ליגט אין יעדער ליד זיינער, וואָס פּרובירן געבן פאָרם און אויסדרוק צו יעדער איבער־ לעבונג זיינער.

„און וואָס איז יעדע איבערלעבונג? — זי איז אין יעדן מענטשן איינגעבוירן—פון ששת ימי בראשית—דער דראַנג צו שעפערישקייט. סיימאַן האָט אַ שפּירונג, אַז דער מענטש איז אַ שותף צו גאָט אין וועלט־באַשאַף און ער דאַרף עס ווערן וואָס מער. דאָס איז סיימאַנ'ס גרונט־אמת. דאָרט איז זיין לעבנס געפיל, און וועלט געפיל, דאָרט פאַנטאַזירט זיין האַרץ, דאָרט חלומ'ט ער; דאָרט איז דאָס חלק'ל רוח הקודש, וואָס סיימאַן האָט בײַ זיך אָנגע־ טאַפּט און ער פלייסט זיך צו געפינען די פּאַסיקע ווערטער, וואָס

זאָלן כאַפּן זיין שטיקעלע רוח הקודש אין אַן אַרומגעריִנגלטער נעץ. ער זוכט און — צייטנווייז געלינגט עס אים. ער האָט גאַנצע לידער און נאָך מער סטראָפעס און נאָך מער שורות, וואָס זיינען אַדעקוואַט — דאָס הייסט, זיי זאָגן גענוי וואָס זיין גרונט געפיל איז און זאָגן עס אין אַזאַ פעסטער, האַפטיקער און געבונדענער פאָרם, דער זין אין זיי זאָל זיך האַלטן, ניט פאַנאַנדערפאַלנדיק זיך. און ערליך, אַן אויבערשפּיצלעך איז ער אין דעם, ווי ערלעך ער האָרעוועט אויף ברויט."

מיט די דאָזיקע ווערטער וועלכע ב. ריווקין האָט געשריבן אין יאָר 1934 וועגן סיימאָנ׳ס בוך „לידער" קען מען אויך איצט אָנווענדן צו דעם דאָזיקן בוך „אַ ווינקל אין דער וועלט". אויב אָבער ח. ל. סיימאָן האָט אין ערשטן בוך „לידער" נאָך ניט געפונען זיך אין גאַנצן, האָט ער אָבער אין איצטיקן בוך, אין זיין ירושה פאַר־פיקסירט זיין נשמה, זיינע אידייען און זיין מיסטיש־פילאָזאָפישן וועלט באַנעם אַזוי, ווי ער האָט געטרוימט, אַזוי ווי ער האָט גע־חלומט.



# א ווינקל אין דער וועלט

בלויט דער הימל, גרויט דער טרויער,
טעג פון ליטע ווארטן אויף דעם לויער.

ליטוויש שטעטעלע דו קליינס,
הארץ פון דער וועלט! . . .
דיינע טייכן — אָנהויב פון אלע ים׳ען,
דיינע וועגן — טויערן . . .
ערשטער בליאסק פון ליכטיקייט,
קאפריזנער זון — וואָלקנדיק,
בלוי־רויביק — קאראהאָדן־טאנץ,
אונטער זון דיינער גרויע נעפלען,
גאַסן וויינענדיקע,
הויפן בלאָטיקע,
אָנגעזאפט מיט אומעט
און מיט צער.
ווער סע האָט דיין שוועל פארלאָזן,
אָפגעריסן זיך פון דיינע ברעגן,
בא דיר געלאָזן טאטע־מאמע,
און זיך אין ווייטער וועלט פארלאָרן —
דעם האלט דאָס שטעטעלע געפאנגען.
נעצן
האָט דאָס שטעטעלע פארוואָרפן אין זכרון.
קינדער־יאָרן טליען,
לאָזן זיך ניט אויסקראניען,
דעמערן און מאָנען;
הערצער פאפלען ווי אין קלאמערן;
קינדער־ווינקען און געדיינקען אין פארגעסנקייט.

אויסגערונען ווערן ימ'ען, —
און זכרון פון טאטע־מאמען.
יאָרן פאָרן זיך מיט יאָרן.
קומט דער היינט צום נעכטן,
און דער וואָס איז אמאָל אוועק,
דער קומט צומאָל צוריק.

האָט אין שול־גאס
דער בין־השמשות זיך צעגנעצט.
שאָטנס האָבן גענומען זיך פאַנאַנדערוויקלען
פון אַלע זייטן.
א פור, פול מיט קאסטנס, טשעמאָדאַנעס,
איז פלוצים צוגעפאָרן
צו א שטיבעלע א קליינס.
האָט פון פור א שפרונג געטאָן א אינגעלע „א פוקסל".
און די, וואָס געקראָכן איז פון פור אראָפּ,
גערופן האָט מען „ליידי",
און אים גאָר — „ליטל באָי".
— אזוי? אזוי?
האָט עמיץ אין אַנגעלאָף
געטראַכט.
— מיר דאַכט:
ס'איז ביילקע לייבל דעם מלמד'ס,
אָט־די! אָ, יאָ . . .
וואָס איז מיט משה קלעק
דעמאָלט אין אַמעריקע אוועק.
אין טיר פון קליינעם הייזל האָט באוויזן זיך די שטומע זלאַטקע,
גלאַט אזוי ארוים מיט צעלאָזענע האָר,
פארזשמורעט אירע אויגן קעגן דער אין בלוט פאַלנדיקער זון,
פארוואונדערט אויף דעם אויפרודער.
זי ניט דערקענט, זיך ניט דערמאָנט —

געקוקט אויף דער שוועסטער ווי אויף פרעמדס.
נאָר מיט געבויגענעם קאָפּ, אויפגעמאַכטע הענט,
האָט זי אויף הינטן שטיל זיך אָפּגערוקט:
— — באַ, באַ! —
האָט זי אַ מורמל געטאָן אין זיך.
— באַ, באַ! —
איז עס אַ פרעג אַזאַ:
„ווער איז דאָס אַזוינס,
וואָס צווישן אירע פיר ווענט,
איז ווער סע וויל קומט אַריין?"
האָט מען דורכן טיר גענומען טראָגן
קאַסטנס, טשעמאָדאַנעס,
ביז די שטוב האָט זיך אָנגעפילט מיט אומאָרדנונג.
— דאָס שטעטל האָט אַריינגעקליבן זיך אין הויז אַריין.
די „לײדי" וואָס הייסט דערצו נאָך בעטי,
איז געזעסן אַ פאַרלאָרענע באַם טיש,
געפּאָרשט מיט בליקן דרינגענדיקע,
געפּרוּווט אויפכאַפּן פאַרבינדונגען אין פּלאָנטער פון די רייד,
וואָס איינער איז דעם אַנדערן פאַרלאָפן.
זי ווייס שוין וואָס סע האָט געטראָפן:
דאָס קול, וואָס האָט שאַרפער זיך געלאָזן הערן,
האָט אַלעמען פאַרשטילט,
האָט איר געלאָזן וויסן:
— די מאַמע אייערע איז אַ חולה מסוכן געווען,
ביז דער לעצטער רגע נעבעך
געזעסן דורך די ווינטער־טעג אין מאַרק,
דאָס שטיקל ברויט באַזאָרגן.
געפונען זי —
באַם קאַלטן פייערטאָפּ — פאַרגליווערט,
ווי די פרוכט אין קערבל — איבערגעפראָרן.
און זינט אייער פאָטער האָט קריעה געריסן,

איז ער אוים מענטש געוואָרן,
פאַרטשאַדעט, אַ שאָטן.
ניט געקענט שוין קנעלן מיט די קינדער מער,
און ממש געווייכט פון אַלעמען.
פאַרזונקען אין לערנען און פאַסטן,
אַ נזיר צווישן מענטשן.
אָבער אַ שטאָט האָט אַן אויג,
מען האָט אים צוגעזען.—
— סע הייסט—האָט אַריינגעמורמלט מעמע די רחמים'דיקע,
אַ צנועה מיט אַ קאַרשן־פּנים:—
„ער וואָלט זיך מיט זלאַטקען צום טויט פאַרמאַרעט,
שבתים וואָלט ער דאָך געפאַסט . . .
ס'האָט אָבער ניט געהאָלפן:
ר' לייב האָט זיך שוין לאַנג דאָ ניט געהאַלטן,
פּונקט צום יאָר אייער מאַמען נאָכגעגאַנגען—
זאָלן זיי אַ ליכטיקן גן עדן האָבן,
און ווייט זיין אָפּגעשיידט פון אונז.

בעטי איז געזעסן אין דער ברייטער שטוב,
אַ פאַראומערטע, געהערט, און געווישט די אויגן.
אירע בליקן האָבן געזוכט אַ געדעכעניש
פון טאַטע־מאַמע'ס לעבן אינם הויז.
זלאַטע איז געשטאַנען אַ דערווייטערטע, אומבאַהאָלפענע,
פאַר זיך אַליין אַן איבעריקע,
פון צייט צו צייט אַ מורמל געטאָן:
— באַ — באַ — באַ.
אַ לשון וואָס נאָר איר מאַמע פלעגט פאַרשטיין.
לעני האָט אין די ד' אמות אומגעבלאָנדזשעט,
אַ נישטדאָאיקער, געעגבערט מיט די אויגן:
עפּעס אַ מאָדנע מאַריאָנעטן־שפּיל,
אין אַ ווינקל וועלט.

די מענטשן, ווי הינער אין דער פינצטער,
ווען אין א שטייג באווייזט זיך א פירפיסיקס און א פלינקס,
וועקט זיך אויף א געשריי,
און ביסלעכווייס ווערט דאָס שרייען אויסגעוואָרגן.
אזוי האָבן זיך פאר לעני'ן זייערע קולות
אויסגעוועפּט און איינגעשלאָפן.

## א ח ד

דערוויסט זיך בעסי אז זי האָט דאָ א שוואָגער.
באלד נאָך טאטע־מאמע'ס טויט האָט זיך א משולח אין
שטעטל באוויזן.
צוערשט האָט מען אים באמערקט פרייטיק פארנאכט,
ווען ליכט האָבן שוין אין לייכטער געשטעקט,
נאָך־ניט־געצונדענע, ניט־געבענטשטע.
איז א מענטש אין שטעטל אריינגעדרונגען ווי א שאָטן,
זיך געטוליעט בא די ווענט — א דארער אזא,
צום שול־הויף דערשארט זיך האלטן שבת.
אין שול, זיך פארקליבן צווישן טיר און קאסטן שמות.
צוערשט זיך ארומגעקוקט, געבליצט מיט די אויגן,
אָפּגעשלאָגן נייגעריקע בליקן;
און גענומען מורמלען א פארנעפּלטער אין זיך.
געשטאנען דאָס גאַנצע דאווענען, ווי צו שמונה עשרה,
נאָר באם שמע ישראל האָט ער אויסגעצויגן דעם א־ח־ד,
פארדריקנדיק נאָך שטארקער די צוגעמאכטע אויגן,
און דעם קאָפּ פארבויגנדיק אויף הינטער.
חוץ דעם אחד־אויסצי, א פארגאנגענער פון זיך,
האָט מען פון אים ניט געהערט קיין קלאנג און קיין שאָרך.
פאר די באלעבאטים אין שטעטל איז זיין קומען געווען ניט מער
ווי — נאָך א מענטש א שבת צו באשטעלן;
אָבער פאר די קינדער, קונדייסים,

איז ער באַלד דער ציל פאַר די אויגן געוואָרן.
— אַ שוואַרץ סאַטינענע קאַפּאָטע, און ווייסע זאָקן,
קורצע הויזן און לאַנגע פאות;
אויגן — אַ בליץ הינטער וואָלקן;
דאָס פנים—אַרומגעזוימט מיט אַ שיטער בערדל;
זיין ווען האָט זיי געמאַניעט:
שטייט אַ מענטש מיט פאַרמאַכטע אויגן,
אין שטומער התבודדות —
און פּלוצים כאַפּט ער זיך אויף מיט אַן
„א־ח־ד־ד!—"
סע האָט לאַנג ניט גענומען
און די קינדער האָבן זיך אויך ווי ער פאַרדוכנט,
ווי העכער אויסגעקרייעט אַן „אחד".
און אחד האָבן זיי אים גענומען רופן;
און אחד איז זיין נאָמען געבליבן.

מאַנטיק פרי האָט מען אים דערזען
איבער געסלעך און געהעפטן.
געשוואַרצט מיט זיין אַטלעסענע קאַפּאָטע,
געמאָסטן מיטן אויג די ווייטקייט פון אַ תחום שבת,
אָנגעקלאַפּט לייסטלעך מכלומר'שטע עירובין:
אידן זאָלן חלילה ניט מחלל שבת זיין.
פאַר קהל איז דער אחד צוערשט געווען
נאָך אַן אורח צווישן אורחים;
נאָך שפּעטער איז ער אויך בא קהל אַ רעטעניש געוואָרן.
און קהל האָט גענומען קריגן אָפּשיי פאַר אים.
עפּעס איז אַזוינס פאַרלאָפן,
וואָס האָט געמאַכט זיך צו וואונדערן און שטוינען:
אַ מעשה האָט זיך אין שטעטל צעטראָגן,
ווי אַ רעטעניש — אויף שטילע פליגלען.
אין די שבתים — ווען רבי שמחה'לע,

מיט א בלייך אויסגעווייקט פּנים,
האָט דעם בלאַט גמרא געזאָגט,
גלעטנדיק זיין זיידענע באָרד,
קוקנדיק אין זיך —
און ארויסקוקנדיק טיף פון זיך . . .
האָט דעמאָלט תוספות אויסגעטייטשט,
מיט אָנצוהערעניש ניט־דערענדיקטע.
די באַלעבאַטים אַרום טיש האָבן אונטערגעכאַפּט,
צושטימיק מיטגעזאָגט, און פאַראויסגעזאָגט.
דער גבאי רבי יוסף זאגער האָט זיך געקרייזלט די באָרד,
קלוג געשוויגן—דער געשעפטסמאַן אין אים גילט צו אַלץ,
אין שול ווי אין זיין ברויערי אויסרן שטעטל —
האָט ער פקחות׳דיק־קאַרג צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ,
א ניגונג—צו זיין איינשטימיק מיט אַלעמען.
דעמאָלט פלעגט אחד אַרוים פון זיין ווינקל נעבן טיר,
מיט אַראָפּגעלאָזטע אויגן, פאַרגליווערט, אין זיך א פאַרזונקענער,
זיך זעצן בא א דערנעבנדיקן טיש,
און מיט שעמעוודיקע אויגן
ארויספאַרשן יעדעס וואָרט פון רבינ׳ס מויל.
— קיינמאָל האָט מען בא אים פועלן געקאָנט
ער זאָל זיך זעצן צוזאַמען מיט זיי באַ׳ם טיש.

איינמאָל, א שבת פאַרנאַכט—
די זון האָט מיט גאָלד־פליגלען זיך געזעגנט
אין די פורפורנע שייבלעך פון ארון קודש,
ווי די שכינה וואָלט געפּרוווט ארויספליען מיט גאָלדערנע פליגלען.
אין שול האָט אָפּגעקלונגען דער פאַר׳עקשנטער חקירה־פּלפּול;
דער עכאָ האָט דעם שטייגנדן אַמפּער הילכיג צעטראָגן;
די פאַר׳עקשנ׳טקייט געהויבן זיך האָט ווי א וואַנט,
און די וואַנט האָט אַרום רבי שמחה׳לען זיך גערינגלט.
דעמאָלט איז אחד אומבאַמערקט אויפגעשטאַנען,

לאנגזאם געשלייכט זיך צום ספרים־שראנק,
זיך צוגעקליבן א ספר —
געמישט די בלעטער און מיט א פארקנייטשטן שטערן געזוכט.
און ווען ער האט דעם תוספות אויף דער מחשבה געפונען,
האבן זיינע ציטריקע פינגער זיך אפגעשטעלט אויף א פונקט.
זיין פנים האט זיך אי גערויטלט, אי געבלאסט,
זיינע אויגן געשפּיזלט צו די אידן,
האט ער לאנגזאם־שעמעוודיק זיך צום טיש דערנענטערט,
זיין פינגער האלטנדיק אויף א שורה —
ארויפגעלייגט זיין ספר אויפן רבינ׳ס גמרא.
האט רבי שמחה׳לע אים אנגעקוקט מיט פארוואונדער,
און באלד זיך ארייגעטאן אינ׳ם אנגעוויזענעם ארט.
און פלוצים האבן דעם רבינ׳ס אויגן זיך צעבליצט —
ער האט דעם רמז דערזען — א שליסל געפונען.
דער רבי האט זיך אויפגעשטעלט מיט ציטער אין די אויגן,
שטום־פרעגנדיק גענישטערט אין אחד׳ס בליקן.
די אידן ארום טיש האבן זיך אויפגעהויבן פון די ערטער,
און יוסף זאגער, בא וועמען די פוילקייט האט אויפן בויך געדרעמלט,
האט איצט ארויסגערעדט ווירדיק, מיט באשטימטקייט:
— שוין צייט מנחה דאוונען.
— שוין צייט, האבן די איבעריקע מסכים געווען.
— יא, שוין צייט —
זייערע בליקן האבן ארומגעוואנדערט
אויף רבי שמחה׳לען מיט אחד׳ן . . .
מיט חשד און נייגער.

באלד נאך יענעם שבת
האט רב שמחה׳לע זיך דורכגערעדט מיט רבי יוסף זאגער:
„דער עניו יצחק איז א גדול בתורה,
„מע דארף אים מקרב זיין, אים דא איינשטעלן אין שטאט".

האָט דער גבאי מיט דער רחבות'דיקער באָרד — אויסגעוואַלגערטן
שטערן,
ניט לאַנג געהאַט צו קלערן,
זיך דערטראַכט — צו דער עלנטער זלאַטקען,
א געשטראָפטע נעבעך, א געשטראָפטע אויפן צונג,
מיט א הויז . . .
וואָלט געווען א יושר — א חתונה.
האָט זלאַטקע גאָרנישט געקאָנט זאָגן.
אויך אחד האָט ניט מפסיק געווען פון זיין התבודדות:
ניט זיין זאַך — השגחה באַשטימט.
רבי יוסף האָט שוין געזען אחד'ן צו עפּעס ניצלעך־מאַכן,
אים אָוועקגענומען אין דער ברויערי זיינער אויסנשטאַט.
פאַר אחד'ן איז קיין חלוק ניט —
אונטער וועלכן דאַך זיינע רעיונות ווערן נתגלה.
„סע שאַדט ניט אז א מענטש דרייט זיך דאָרט אַרום,"
האָט רבי זאַגער געטראַכט,—„זאָל עס הייסן אז מע היט".
זאָלן די גוים ניט אויסלעקן דעם ספּירט,
איידער ער ווערט נאָך געפּראָפּט.
אַזוי אַרום האָט אחד גענומען מפרנס זיין זלאַטקען.
מאָנטיק, מיטן באַגינען, גייט אחד פונ'ם שטעטל אַרויס,
און קומט צוריק ערשט פרייטיק,
ווען ליכט שטעקן אין לייכטער ניט געבענשטע.
שלייכט ער זיך אַדורכן שטעטל האַרט בא די ווענט,
און קומט אָן אין שול צו לכה דודי.
ערשט נאָכן דאַווענען גייט ער צו זלאַטקען,
מאַכן קדוש ווי פאַר זיך אַליין . . .

## אויף קבר אבות

די זון האָט געהיילט דעם אינדרויסן,
הילצערנע הייזלעך זיינען געשטאַנען פאַרשעמט,

ווי זיי וואָלטן זייערע פּנימער מיט די דעכער פאַרשטעלט.
פּענצטער האָבן אַרויסגעקוקט ווי אויגן אונטער דאַשיקן —
גאַסן געשפּירט.
פון שול האָבן ניגונים פון ישיבה־בחורים געהילכט,
ווי זיי וואָלטן מיט נגינה פאַרוויגן די צייט.
טריט — —
דורכן שול־גאַס נייע טריט.
— אַ דאַמע!
אין שוואַרצן קלייד און שוואַרצן הוט.
נעבן איר — אַ אינגעלע מיט פּולע בעקעלעך,
מיט לאַנגע זעקעלעך, קורצע הייזעלעך.
ריידן זיי אַ לשון — אַזאַ פרעמדן, אַזאַ ווייטן,
ווי די פּרינצן אין די מעשה־ביכלעך,
וואָס געקומען זענען פון ווייטן לאַנד צו רייטן.
אָפּגערוקט פון זיי שאַרט זיך זלאַטקע נאָך,
ווי אַן אָפּגעריסענער שאָטן.
דאָס גייען לייבל׳ס קינדער „אָפן הייליקן אָרט".
לענעלע׳ס נייגער צוקט פון אַלע זייטן.
— ער זעט:
אידן אין גרויע קליידער, רויטע און ווייסע בערד,
געבויגענע האַרט באַ דער ערד.
קינדער באָרוויסע — שקאָרענקעס,
האַלטן זיך אין מאַמע׳ס פאַטשיילעס.
באַ די טירן — קי און ציגן
שעפּן מיט די מאָרדעס אויס די צעבערס,
שפּריצן און פאַרגיסן, דרייען קעפּ אהינטער.
בהמות קוקן ווי בהמות —
זייער דאגה: אַ הונט פאַריאָגט אַ קאַץ אונטער וואָגן,
אפשר גאָר דאָס ברעסיק פייפן וואָס הילכט אַצינד.
דאָס רופט זיי הנידה פּאַסטוך שוין אין פעלד,
באַלעבאָסטעס זאָלן אָפּלאָזן קי און ציגן צו דער סטאַדע.

אַלץ איינס: בהמות קוקן ווי בהמות.
ווען מענטשן רייסן אויף די אויגן—בליצט מיט פייער. . .

מיט בעטי'ס אָנקומען טיילן זיך אָפּ יונג און אַלט,
ווי וועגט פון ביידע זייטן,
ווי דער ים סוף בּאַ יציאת מצרים—
דער וואונדער זאָל פאַרבייגיין.
זלאַטקע גייט מיט, אָנגעטאָן אין אַ ניי קלייד,
די האָר צוגעקאַמט.
ווי אַ הויז פאַרלאָזן, אָפּגעלאָזן,
ווערט פּלוצים צוגעקליבן, אויפגערוימט,
אַזוי האָט זלאַטקע'ס פּנים אויפגעלעבט.
גייען זיי — און ווערן פון אויגן געמאָסטן,
אויגן — קינזשאַלן . . .
ליפּן גאַפן פון פאַרביטערטן באַוואונדער,
עסן זיך מיט זשעדנעקייט איין אין זייער אָנטאָן.
און דאָס צויבער־וואָרט „אַמעריקע! אַמעריקע!"
פלאַטערט פון הונגעריקע ליפּן . . .
גייען זיי פון שול־גאַס צום אָפענעם מאַרק־פּלאַץ,
וואָס פונם מאַרק דורכן גויישן געסל פירט גלייך צום בית עולם.
בעטי גייט לאַנגזאַם.
איר געמיט פילט זיך אָן מיט צער,
מיט רחמנות אויף די מענטשן,
צו זייער שטייגער לעבן — פאַרוועלקט פונ'ם ערשטן שפּראָץ.
דאָ, אויף דעם וועג, איז ברעג וועלט פאַר זיי.
דאָס שטעטל איז נאָך קלענער איצט,
ווי זי פלעגט דאָרטן, אין דער נייער וועלט, געדיינקען
אין מינוטן פון פאַרטראַכטונג.
די הילצערנע הויכע שול איז עפּעס געזונקען,
דער גרויסער מאַרק־פּלאַץ — אַ צעצויגן געהעפט, ניט מער,
קראָמען — דלות,

מענטשן — שטרוי.
דער באַשעפער האָט אַ שטעטעלע אַוועקגעוואָרפן—
גלאַט אַזוי.
איז עס אַ ווינקל אין דער וועלט—
אַזוי זיך.

צום מאַרק־פּלאַץ זענען די בהמות אָנגעקומען
דורך שמאָלינקע גאַסן, מיט די הערנער פֿאָראויס,
ווי זיי וואָלטן וועלן דורכשטעכן פֿאַר זיך דעם וועג.
הנידה האָט זיי מיט דער פּאַלקע באַגעגנט,
צענויפֿגעקליבן זיי ווי צעשאָטענע קרעלן.
זיין מעשענער פֿייף האָט געשניטן די לופֿט,
און זיך באַלד גאָר פֿאַרכלינעט.
האָט זיך די סטאַדע געקליבן, געהויערט אין מאַרק;
אַ כמורנער, דער הימל איבער זיי האָט געטראַכט.
אַ פעלד האָט געביינקט וואו, אויף די בהמות געוואַרט.
הנידה איז געשפּרונגען אַרום דער סטאַדע,
געפּאָכעט מיט דער פּאַלקע אַ ווינטיק־געהילך,
און פֿאַרלאָפֿן די בהמות דעם וועג.
גערופֿן באַם נאָמען יעדן קו „דו!״,
בהמות דאַרפֿן זיך האַלטן צוזאַמען,
מיין פּאַלקע קען בייסן,
מיין בייטש קען פֿאַרצאַמען —
טו — טו — טו״.

הנידה׳ס גאַנג איז טאַנץ,
זיין בליק איז בליץ.
האָר—שוואַרצע קרויזן, אַ קאָלטענע שעפּס,
טשופּרינעס, עס רייסט זיי דער ווינט,
און רייסט זיי ניט אויס.
„שמשון הגיבור״—פּונקט אַף אַ האָר,

איז הנידה צו קארגע צוויי צענדליק יאר.
וועגן אים האט מען שוין בעטי'ן געגנוג אנדערצייילט;
בכיוון געלויבט אים פאר א ריז—„א קלעק".
—„זאל זי וויסן זיין, דער הנידה איז
איינמאל איינס מיט דעם משה'קע קלעק,
וואס איז מיט איר קיין אמעריקע אוועק . . .
דער הנידה האט א חזיר א ווילדן אין צווייען צעריסן
מיט ליידיקע הענט".
און ווען לוקום דער פאסטוך האט זיך געווארפן אפן שטעטל,
אנגערעדט די גוים פון זיין דארף „צו פלינדערן די קראמען."
איז דאך דער הנידקע ניט געשטאנען מיט פארלייגטע הענט:
צע'ממית'ט האט ער זיי, ווי מייז זיי צעטריבן.
זינט דעמאלסט איז „הנידה גיבור"
געווארן דער שומר פון די בהמות
אויפן ארט פון לוקום דעם פאסטוך.
און—אז ס'האט ווער ניט געטרויט הנידע'ס השגחה,
איז די בהמה געגאנגען מיט הנידה'ן, און די שטאל—מיט פייער...
אזוי האט הנידה געמאנט צוטרוי,
און קיינעם קיין ברירה געלאזן.
„דער וואס פאלט אריין אין עשיו'ס ידים,
זאל בא עשיו'ן ניט זוכן גאט אין הארצן"—
אזוי האט מען געמורמלט הינטער זיין פלייצע,
און קיינער האט קיינעם ניט געקאנט געבן אן עצה.
נאך מער —
סע ווערן באלעבאסטעס געפלעפטע אין גרויל,
ווען א דינסט לאזט זיין נאמען ארויס פון מויל.
—הנידה וואקסט ווי א דעמב, און בלענדט ווי די זון;
און מיידעלשע אויגן פארפאלגן זיין טראט.
זאל הנידה זיך ווערן, די מוידן אויסמיידן?
ער איז ניט פון גאלד און זיי ניט פון זיידן!
הנידה פייפט, און ער זינגט,

לידלעך גראמט ער אליין וועגן זיך,
„וואס בין איך שולדיק? וואס וויל מען פון מיר?
זיי קומען — און קלאפן און קלאפן אין טיר,
איך טרייב זיי פון זיך, איך וואָרן: כ'וועל שלאָגן,
נו, כאפט מיך דער טייוול, כ'קאָן זייער צער ניט פאַרטראָגן;
עפן איך ביינאכט פאר א ווײלע מיין טיר,
נו, וואס בין איך שולדיק, וואס וויל מען פון מיר?
— טו — טו — טו".

דערנאָכדעם אז ס'ווערט דאס מיידל פון שטעטל אנטרונען,
פאר חדשים מע קען זי ניט געפינען;
און פלוצים א דארע, א שוואכע באווייזט זיך,
מאכט קיינער פאר איר דאך קיין פריצישע ווארע . . .
איז דאך הנידה ניט שולדיק; ער זינגט און פייפט...
„נו, כאפט מיך דער טייוול! וואס וויל מען פון מיר?
איך בעט זיי דען קלאפן בא מיר אין דער טיר?!
— טו — טו — טו".
אין בעטי'ס זכרון דעקן זיך אפ טעג פארשוואומענע;
ווי א סאזשעלקע אן אויסגעטריקנטע וואלט זיך פלוצים אָנגעפילט.
האבן אין איר געגומען קוועלן דערינערונגען לאנג פארגעסענע.
סע דערמאָנט זיך איר:
ווי זי האט איר משה'קען אריבערגעוואונען פאר זיך
פון באשקען — אנקל זעליק'ס טאכטער;
א שיינע מויד געווען, א גוטע . . . און א נאר.
שטאָט האט געקריצט מיט ציין, ווען זי האט אברהם'קען געבאָרן,
און בעטי'ן האט מען גאר די יארן פארשאָלטן. . .
—סטייטש?— האבן אויגן געשפּיזט אויף איר.
—קרובים! אייגן בלוט און פלייש!
—ווי טוט מען גאר אזוינס?
—אז ניט משה'קע ענדיקט זיך די וועלט?
דאס קינד בא באשקען דארף א נאמען... א טאטן...

אָבער זי, בעטי, האָט אויך ליב געהאַט דעם זעלבן משה׳קען—
איר משה׳קע דעמבן!—
געפּיבערט פון זיין קוק, מיט צאַפּל געלויערט זיין טראָט.
נאָר וואָס?
בעטי האָט געוואוסט דעם סוד פון וואַרטן. . .
ליידן ביז זעלבסט פאַרצערן,
ווערן נאָענט און זיך ווערן.
וואַכן איבער אייגענע געפילן,
זיך שפּילן — נאָר ניט פאַרשפּילן.
בעטי האָט געוואוסט:
א דעמב קען זיך שטרעקן צום הימל,
און פאַלן ווי א בליץ צו דיינע פיס.
און משה׳קע איז צו אירע פיס געפאַלן,
איבער איר פּנים איז א הנאה׳דיק שמייכל אריבער,
אירע טריט זענען שנעלער געוואָרן,
און דאָס שטעטל איז איר געוואָרן ענג.
גערעכט איז איר מאָריסל זאָל לעבן:
„אין א קליין שטעטל ווערט דער מענטש קלענער,
און דאָס שטעטל ווערט פון דעם ניט גרעסער".

אַזוי טראַכטנדיק, פאַרזונקען אין א ווייטן פּלאָנטער פון נעכטן,
זענען זיי צום בית הקברות אָנגעקומען.
זלאַטקע, אין לאַנגען קלייד, איז נאָכגעגאַנגען —
ווי א שטעקן וואָלט אליין זיך געטראָגן,
פון קיינעם אין האַנט ניט געהאַלטן.
דער טויט האָט דאָ אין אין־סוף אריין גערוט;
און דער ריח פון גראָזן האָט פאַרווינגט און געשלעפערט.
דער אראָמאַט פון וועלקן שטאַרבט דאָ אָן ווידוי...
זלאַטקע איז געלאָפן פאָרויס,
און זיך אראָפּגעלאָזט צו די קברים.
סע האָט איר שטומקייט גערעדט:

בא — בא, מא, בא, ע— הע. . .
איז בעטי א צוריקגעהאלטענע צוגעגאנגען
מיט אימה אין די אויגן —
ווי א פארזינדיקטע געקוקט אויף די איינגעזונקענע קברים.
דאס ווילדגראז האט געדוכט'ט — דעם טויט געבענטשט.
די פויגלען אויף די בוימער האבן געזונגען,
ווי ס'וואלטן נשמות דורך שירה אין דויער פארגאנגען.
טויט האט געוויילט פונם לעבן,
און צייט האט געגליווערט אין שטילקייט;
ווי די שטילקייט וואלט גע'טענה'עט מיט פארוואורף צו בעטי'ן.
טיף אין בעטי'ן האט געבליפעט א מורמל געבעט:—
זיי זאלן זיין גוטע בעטער
פאר איר, פאר מאריסן, און פאר לענעלען!—
און פאר דער געשטראפטער זלאטקען זיך מיען.
די רחמים'טע איז אנגעקומען מיט רבי פסח'ן,
ווי זיי וואלטן פלוצים פון ווילד גראז ארויסגעוואקסן.
קענטיק פארטאן אין עפעס א שמועס:
זינט ביי רבי פסח'ן איז דאס ווייב געשטארבן
האט ער גערן זיך נאכפרעגן וועגן איר געזונט,
און פאראיינס, צי זי הערט פון די קינדער קיין אמעריקע,
צי זיי פארגעסן ניט דער מאמען זייערע.
—נו א דאנק גאט, זיי פארלאזן ניט . . .
ענטפערט זי רבי פסח'ן פריינטליך־קארג.
די רחמים'טע וויים צו וואס דער אלטער צילט,
טראכט זי:
„מילא, אז מע לעבט אפ מיט אן אייגן מאן,
איז ער דיר צו ערשט געווען יונג,
און איז מיט דיר אלט געווארן—
נו, איז ער דיר דיין אייגן אלטינקער.
אבער יענעמס ווייס־איך־וואס. . .
גאט באהיט און באשירם. . .

—אָט־דאָ זיינען לייבל׳ס קינדער, רבי פּסח!—
האָט די רחמים׳טע פונדערווייטנס אָנגעוויזן.
איז רבי פּסח צוגעקומען לאַנגזאַם, מיטן שירם שאַרנדיק,
מיט פרום באַדויער אין די אויגן.
שטום מיט זיי זיך איבערגעקוקט,
זיך געשטעלט לעבן די קברים, און,
אַ צוגעגרייטער, זיך צעציקלט: אַ מלא!
דערנאָך מיטן זעלבן אָטעם געלאָזן וויסן
דאָרט, אין די קברים אריין, אַז—
די טאָכטער איז געקומען פון אמעריקע;
זיי זאָלן זיך מיען פאַר איר, מיטן מאַן, מיטן קינד,
און פאַר כלל ישראל זיי זאָלן זיך מיען, אמן!

די רחמים׳טע האָט פעלד געמאָסטן,
און לעני׳ס אויגן האָבן זיך געשטאָכן אין אַלץ וואָס זי טוט,
איר באַדינט מיטן קנויל־פאָדים וואָס די רחמים׳טע האָט צעוויקלט.
און בעטי האָט צדקה געגעבן.
עשרת ימי תשובה האָבן זיך דאָ געשפּירט;
דאָס שטעטל האָט דאָ אויפגעלעבט. . .
און ווער סע האָט געהאַט אַ האַנט
האָט אויסגעשטרעקט אַ צדקה־פּושקע.
בעטי האָט קיינעם ניט אויסגעלאָזן.
לעני האָט מיט קוריאָז מטבעות געוואָרפן,
אין דער לופטן האָבן זיך זילבער־קלאַנגען געציילט—
פאַר זיידע׳ס און באָבע׳ס נשמות.
בעטי האָט מצבות באַשטעלט—
דאַרף זי וואַרטן עטלעכע וואָכן,
וועט מען די שטיינער שטעלן.
—אָפּגעבן אַ חוב וואָס קאָן ניט מאָנען,
דאָך מאָנט עס אין איר, אין בעטי׳ן.
ציען זיך וואָכן לאַנגע, איינזאַמע.

ווערט דאָס שטעטל אַלע טאָג נאָך קלענער,
זיצט זי נעבן דער שטומער שוועסטער
אין די סוף־זומערדיקע פאַרנאַכטן און — טראַכט.
און וואַרט יעדע רגע אויף דעם טאָג,
אַז זי און לעני זאָלן זיך אומקערן אַהיים
צום טאַטן, צום מאַן,
וואָס האָט בעטי'ן נאָכגעגעבן איר עקשנות'דיקן קאַפּריז,
און געלאָזן פאָרן צום געבורט־שטעטל;
און אַליין איז ער געבליבן דאָרטן,
אַרבעט נעבעך שווער —ס'איז ניט קיין קלייניקייט
וואַשן פענצטער פון הויכע געביידעס,
קלעטערן אויף ווענט ווי אַן אַבעזיאַנע—
קיין זאַך איז אים ניט שווער פאַר איר
און פאַר לענעלען זיין „פּעלע!" . . .
— לעבן זאָל ער מיין מאָריסל, מיין מאַנעלע.

## אַ בריוו

איז געווען טאָג,
און ס'איז געוואָרן נאַכט.

געצוואונגען פון אייביקע קאַפּריזן
האָט די זון גענידערט פּערלדיק־רויט
אויף גאָלדיק־האַרבסטיקע וועגן,
— אַ פאַרשעמטע.
וואָלקנס זיינען אָנגעשוואָלן און צעשפּרייט זיך,
ווי אַ בעלמע אויפן הימל;
מיט קרייזן ווי געל־פייערדיקע צונגען—
געפּעכערט שאָטנס איבער דעכער.
הייזער האָבן איינגעשטילטע, פאַר'יתום'טע,
גענורעט זיך איינס צום אַנדערן.
סילועטן האָבן זיך געקעסטלט,

געלייגט זיך אויף די רוקנס,
און געררייבערט ווי פון ציגלדיקע ציגארן.
די פארלאָזנקייט האָט גענומען אומעטן.
שטילקייט האָט געשטוינט,
— געוויינט
אויף דער מאַטער אויסגעלאָשנקייט.
אָוונט האָט געגענעצט און געגענעצט,
און איז פאַרדרייגט געוואָרן.
מאַטע קאַלך־פאַרע איז ווי אַ רויך צעשוואומען,
און האָט דאָס שטעטעלע איינגענורעט,
איינגעליולעט אונטער טונקלקייט.
יענעם אָוונט איז בעטי געזעסן
אַ בלייך־פאַרגליווערטע באַם נאַפט־לעמפּל,
מיט פאַרגלאָזטע אויגן,
פאַרשטאַרט ווי אַ בוים אָן צווייגן.
אירע הענט זיינען ווי איבעריקע אַראָפּגעהאַנגען.
אויפן דיל —— אַ בריוו —— —— —— —— —— —— —— —— ——
און זלאַטקע איז דערנעבן געזעסן,
און האָט פון בעטי'ן זיך איצט געלערנט ווי צו שווייגן.
די שטילקייט האָט פאַרקרעמפּט זיך,
נאָר פון ערגעץ האָט זיך צעזעגט אַ גריל.
פרעגט ער אפשר: פאַרוואָס איז דאָ אַזוי שטיל?

לעני איז אָנגעקומען שפּעט אין אָוונט,
ערגעץ שפּילנדיק פאַרשפּילט זיך.
איז ער צוערשט געבליבן שטיין געפּלעפּט
מיט אויפגעמאַכטן מויל: — מ־מאַ!
ווהאַטס דע מעטער, מאַ?
לעני האָט קיין ענטפער פון דער מאַמען געקראָגן,
ווי ער וואָלט פון איר איצט ניט געוואָרן דערקענט.
איז ער צו שכנים געלאָפן, גערופן אַ צעשראָקענער:

קאם פליז, מאי מאם איז פאני, נאָ גוד!
אַ הילפלאָזער האָט ער געשריען, געוויזן מיט די הענט.
האָבן שכנים געדרונגען אַז עפּעס דאַרף ער זיין;
אַז עפּעס איז דאָ מיט דער מאַמען זיינער ניט גוט.
זיינען זיי מיט אים געלאָפן צו זלאַטקען.
האָבן זיי באַלד דעם אומגליק דערפילט אין דער לופטן,
און פונם בריוו האָבן זיי אויסגעלייענט,
וואָס ניו יאָרקער לאַנדסלייט זיינען איר מודיע אין קורצן:
„מאָרים איז פון ניינטן שטאָק געפאַלן —
און איז בכבוד געבראַכט געוואָרן צו קבורה,
אויגוסט דעם פופצנטן, זיין יאָרצייט קומט אויס חודש אָב כ"ז.
איר זאָלט למען השם זיך פון אָרט ניט רירן
ביז אונדזער „סאָסייעטי" וועט דעם ענין אויפנעמען.
קומען? ניטאָ דערוויל צו וואָס — — — —".
האָבן שכנים אין מיטן לייענען גענומען ברעכן מיט די הענט,
קלאָגן מיט פאַרשטיקטן אויסגעשריי
דעם „ווינד און וויי — —".
וואָס וועט איצטער זיין? וויי, וואָס קען מען אצינדערט טאָן?
זי איז דאָך געשטאַנען גרייט צוריק אין וועג,
אפילו ניט פאַנאַנדערגענומען אַלע פּעק,
און דאָ — אַזאַ שטראָף, גאָט באַהיט.
וואָס קאָן מען מיט זיי טאָן אצינד?
רחמנא ליצלן, פאַרלאָרן דאָס לשון.
קיין זכר אפילו פון זכרון געבליבן,
נאָר סע זיצט פאַרגליווערט ווי נישט הי,
אַ האַלעוועשקע — מיט אויגן אויסגעלאָשן.
נאָר סע מורמלט פון צייט צו צייט אַ פּזמון:
„איי דאָנט נו! איי דאָנט נאָו! איי דאָנט נאָו!
פּאַפּאַ — פּאַ, פּאַפּאַ־פּאַ, פּאַפּאַ, פּאַ,
איי דאָנט נאָו — — — — — — — —

און דאָס אינגל, „אזא בר מזל״,
אויף זלאַטקעס הענט „מ׳שטייגט געזאָגט״,
אַ קיילעכיקער יתום.

אָבער קהל האָט שטאַרקע פּלייצעס —
אפילו אידן וואָס קענען קוים אַ ברכה מאַכן
גיבן אויכעט עצות.
בפרט ווען אין שטעטל איז פאַראַן:
אַ רב, אַ שמש און חברה ש״ס,
שוחטים, דיינים, הייזעריקע חזנים,
בעלי־עגלות ווי יעוואָנים,
אַ דרדקי מלמד אויף אונדזערע שונאים;
און חברה קדישא מיט גרייטע הענט,
כאָטש מע האָט צו זיי זיך ניט געווענדט,
נעמען אויך אַ וואָרט.
און נאָך עפּעס איז פאַראַן:
אַזעלכע וואָס מישן זיך ניט אין גאַנצן.
אַ שטעטל איז ווי אַ גאָרטן —
ס׳האָט בלומען און דערנער,
אויך פויגלען, און ציגן מיט הערנער.
רופט מען זיי „שטאַטשניקעס״, בונדיסטן:
מאָרדעס — ראַזירטע, משופּרינעס — גאָר לאַנגע,
רויטע רובאַשקעס — אַרבע כנפות,
קוטאַזן ווי זיידענע בערשטלעך — ציצית, להבדיל.
גייען זיי איבערן שאָסיי דורך די שבת באַטאָגן,
דרייענדיק מיט פּוסטע שטעקנס,
וואָס אין זיי—זאָגט מען—ליגט טריף־ליטעראַטור.
עסן אומגעוואַשן איז „אין דער ראַמע פון זייער פּראָגראַמע״—
פאַר זיי איז דאָס לעבן פונם שטעטל אַ זייטיקס;
טראָציקע קוקן זיי אַראָפּ אויף די אידן און נידריקע דעכלעך,
ווי אויף קרעט פאַרשטעקטע אין דער ערד.

זיי בליקן פונם שטעטל — אַרויס און אַריבער.
זייער אומרו געהערט דעם געראַנגל אין דער וועלט.
זיי אַנטרינען אין זייער פרייער צייט אין וואַלד אַריין,
ווערט זייער אומרו אויסגעמישט מיט אומרו פון די וואַלד־ברואים.
מיט פּאַנען, רעדעס, און געזאַנג איז פול די לופט,
„דאַלאַי ניקאַלאַי! דאַלאַי ניקאַלאַי!"
סע שווייגן די בוימער,
סע זיינען מסכים די צווייגן —
אַ פרילינג באַם מענטשן צו זען איז כדאי.
אין שטעטל אַריין קומען זיי — נאָר אַרבעטן און שלאָפן;
אין צווישן אָפטע זאַבאַסטאָווקעס:
דאָ באַ אידל דעם שניידער,
צי ביי לייבל דעם קירזשנער,
אָדער ביי מאָטל דעם שוסטער —
זאָלן די בורזשועו אין שטעטל
להכעיס דעם צאַר (ימח שמו) —
בלייבן נאַקעט און באָרוועס אויף יום טוב!
ס'איז דאָך ניט דער ערשטער מאַי:
אַ יום טוב — להכעיס.
וואָס אַ רויט־שלייפל אינם לאַץ
באַפּוצט אַ צעריסן רעקל.
יום טוב אין שטעטל איז מער ווי אַ „יאָנטעוו",
אַ רויטע פייג אַזאַ דעם צאַר (ימח שמו).
ווייל אַ שטעטל איז מער ווי אַ שטעטל —
ס'האָט אַ גרונט און ס'איז סודות'דיק טיף.
ס'איז אַ ברונעם און סע האָט אַ קוואַל.
נאָר אַז דער עמער איז אָפּגעריסן פון קייט,
קייקלט עס זיך פון פונם ברונעם־בערגל
העט אַראָפּ. . . .
און שעפּן שעפּט מען ניט פון ברונעם,
דער קוואַל פּלייצט, פאַרפּלייצט זיך אַליין.

א שטעטל האָט א נשמה, האָט דאגות,
ווי קען מען זי לאָזן ווי א פעדער אין ווינט?
מוז דאָס שטעטל זיין גרויס געגוג
אליין זיך צו באזאָרגן מיט אלץ.
„אליין דאָס שטעטל צו באשטיין."

טרעפט זיך:
דער „לעטוטשי אָטריאַד" קומט אין שטעטל
בדיקת חמץ זיין — אַן אָביסקע, הייסט עס.
שטעלט מען אַן די הארמאַטן אין מיטן דעם מאַרק,
מיט די העלזער און אָפענע מיילער צו די שולן, בתי מדרשים,
און גלייך פאָרויס גייט אַרויס דער קאָמענדאַנט,
מיט אַלע זיינע אונטער־אונטערדיקע נאָך אים.
און לאָזן זיך מעשה־תקיף צו נישטערן דורך די אידישע גאַסן,
עפנענדיק טירן מיט אַלט אָנגעשלאָגענע מזוזות —
אָט דאָ דאַרף ער געפינען רעוואָלוציאָנערן און בונטאָוושטשיקעס.
אינם שטרוי פון בעטן זוכט ער אָט־יענע . . . ליטעראַטור.
נישטערט ער אַזוי פון הויז צו הויז,
ביז ער קומט צולעצט צו רבי שמחה׳לען:
„דער ראַבין זאָל אים אַרויסגעבן זייערע נעמען".
און דער רבי זאָל לעבן האָט זיך גאָרנישט געריכט
אין זיין שטאַנד . . . א מסור צו ווערן;
זאָל דאַרפן גאָר מפסיק זיין פון זיינע רעיונות.
ווערט רבי שמחה׳לע ערנסט באַזאָרגט,
פאַרוקט ערגעץ אין א ווינקל זיין פחד,
און מאַכט זיך מכלומרשט כלא־ידע:
„ווי וויים איך, פּריצל, צו דערמאָנען א נאָמען —
פון אַן אפיקורס, הייסט עס?
און פאַרוואונדערט מיט אָפענער האַנט בלייבט דער רבי,
אָנקוקנדיק דעם צודרינגענדיקן קאָמענדאַנט מיט בלאַנקע
שטופּל שפּאָרן,

און טראַכט בא זיך:
איך זאָל אים זאָגן אַז זיי גלויבן ניט אין גאָט! . . .
איז וואָס איז דאָ צו רעדן
ווענן אַ בשר ודם דעם קיסר באַטושקע דאַרטן,
וואָס ע ר וויל ז י י ניט האָבן
און ז י י ווילן א י ם ניט?
דערפאַר האָט רבי שמחה'לע נאָר ענטפערן געקענט —
אַז זיין עובדה איז כשרות,
שמירה אויף אידיש לעבן, אידישקייט.
— אפשר זיינען טריפ'ניאַקעס אין שטעטל פאַראַן—
טאָ, ווי קען ער די נעמען גאָר וויסן?
ניין, ער ווייסט טאַקע גאָרנישט־נישט . . .
„דער קאָמענדאַנט וועט עס ניט . . . ” (טראַכט ער).
— — נו, האָסט עפּעס געפונען פון זיי?
— — דו זעסט זיי דאָ ערגעץ?
— — אַזוי זע איך זיי אָן!
— — איז וואָס קאָנען מיר טאָן?
אָנגעקומען איז דערווייל דער גבאי רבי זאַגער,
און באַלד אַזוי פלינק און געשיקט
אַריינגערוקט דעם קאָמענדאַנט אין די ידים.
איבערציילן? קיין צייט ניט געווען: „פּאָלג מיך”,
האָט ער אים געזאָגט: „פאָר בשלום, פריצל,
מיט דעם וואָס דו ביזט געקומען,
וועט שוין השם יתברך העלפן”.
און ווען דער קאָמענדאַנט האָט געזען אַז מערער וועט ער ניט קריגן,
האָט ער זיך דערמאָנט אַז פאַראַן זיינען נאָך שטעטלעך אין ליטע,
האָט ער מיט דער רעכטער האַנט פאַרשטעלט דאָס רעכטע אויג,
צונויפגעפּאַטשט די פּיס —
און די שטופּל־שפּאָרן האָבן גענומען קלינגען.

זעט איר:
מאַכט זיך נאָר אַ שמחה אין שטעטל,
איז דער רבי פריילעך, רופט באַם נאָמען יעדן:
זיין זכרון איז דעמאָלט וואַך.
ס'וואָלט אַ שמחה קיין שמחה ניט זיין
אָן דעם רבינ'ס ברכה.
און אין אַן אומגליק, חס וחלילה,
מאַכט רבי שמחה'לע אַ הספד
אַז עס שפּאַלטן זיך הימלען — עפענען זיך טויערן. . .
און דאָס שטעטל בלייבט דערנאָך
אַ צייטלאַנג אין טרויער פאַרהילט.
דער רבי זאָל געזונט זיין איז אַ שליסל צו אַלעס,
אין סכסוכים און אין אחדות,—
נאָר פאַר דעם קאָמענדאַנט מיט זייניקע
דינט ניט דעם רבי'ן דער זכרון.

אַז בעטי האָט דאָ איצט איבערגעלאָזן לענעלען אַזוי־אַ,
ניט באַזאָרגט, ניט פאַרגרייט —
איז וואָס זשע טוט מען?
לויפט מען צום רבי'ן זאָל לעבן.
— זאָל בית דין צו עפּעס זיך דערטראַכטן.
זיצן אידן איבער אַ לאַנגען טיש— הענט און פּאות,
בערד־באַוועג — פּלאָנטער און געראַנגל.
עצות פאַלן פון אַלע זייטן,
קהל קלערט, פּלפּולט אָן אַ סוף.
און האָט נאָך צו גאָרנישט זיך דערטראַכט.
האָט די רחמימ'טע דערזען,
אַז מיט רעדן וועט מען צו גאָרנישט זיך דעררעדן,
ביז מע וועט באַשליסן און עפּעס טאָן איז אַ ווייטער מהלך,
האָט זי געטאָן אירס — און באַשליסן זאָל מען נאָכדעם.
האָט זי בעטי'ן אריינגעגעבן אין שטעטלשען לאַזאַרעט,

אין אַ צימערל מיט אייזערנע בעטן, פענצטערלעך—מיט גראַטעס,
ווי אַ פּעקל אַלטע קליידער זי דאָרט געלאָזן,
און לענעלע „בר־מזל" מיט זלאַטקען איז געבליבן.
„וואָס הייסט? וואו דען?" האָט די רחמים'טע געזאָגט.
און אין שטעטל איז אַ ווערטל עד היום געבליבן:
„אַז אַ מענטש פאַלט ווי בליי,
באַגראָבט מען דריי".

בא זלאַטקען אין הויז איז די ליידיקייט נאָך ליידיקער געוואָרן.
אחד קומט ערשט העט פרייטיק פאַרנאַכט,
לאָזט די רחמים'טע שוין זלאַטקען צו וויסן,
ווען דאָס הויז צוקלייבן, שטעלן וויין אויפן טיש,
פאַרדעקן די חלות און אָנצינדן די ליכט.
דעמאָלט ווייסט זלאַטקע, אַז איר מאַן־אורח וועט קומען,
אָט דער וואָס באַוועגט זיך דאָ אויף גומענע פּיס.
און סע בליצן מיט שבת זיינע אויגן. . .
ניט זייענדיק מפסיק צווישן וואָך און שבת,
איז ער שטענדיק אין התבודדות פאַרזונקען.
ווען אחד קומט —
ווערן זלאַטקעס טריט איינגעהאַלטענער.
דאָס הויז ווערט אין זיך גופא פאַרצאַמט,
דער עלנט דעקט זיך דאָ צו מיט קאָלדרעס,
און לאָזט דעם אומעט דורך די פענצטער אַרויסקוקן.
אויך זלאַטקע זינקט אין איר שטומקייט,
און לעני, געפאַנגען אין שטומקייט, איז עלנט.
נעמט ער זיך ראַנגלען מיט דער גרויער נאַקעטקייט,
מיטן אומעט וואָס נורעט זיך אין די ווינקלעך פון הויז.
נאַכט נעכטיקט דאָ אין סאַמע מיטן טאָג,
לעבן ווערט דאָ פאַרגליווערט, פאַרשטיינערט.
באַפאַלט דאָ פּלוצים מורא לעני'ס טריט,

צער טוקט זיך אין זיינע אויגן,
בלאַסקייט זעצט זיך אַוועקעט אויף זיין פנים,
און זיין יוגנט נעמט זיך פאַמעלעך פאַרנויגן.

## לעני חלומט

איינמאָל שבת אין א בין השמשות.
אחד איז געזעסן אין שול הארט באַם טיר־וואַנט,
מיט פאַרמאַכטע אויגן, אין זיך פאַרטאַיעט.
לעני איז געזעסן נעבן אים—דער אומעט האָט אין לעני'ן געיערט.
אין שול איז טונקל און טונקעלער געוואָרן.
שאָטנס האָבן איינגעהילט מענטשן, ווענט און זיילן,
ווי ליכט געלאָשענע פאַרטונקענע אין דער פינצטער.
עמיץ האָט געזאָגט פּאַראויס תהילים־פסוקים,
דער עולם—ווי טאַפּאָלן—האָט זיך געוויגט און נאָכגעזאָגט.
האָט זיך געטראָגן דער תהילים־געזאַנג שטיל און העכער,
דורך די ווענט און פענצטער ארויס,
און געוועקט די בייגקשאַפט פונם הערליכן שבת־פאַרנאַכט.
פּלוצים האָט זיך אחד אויפגעהויבן פונם אָרט,
שטעהן געבליבן—מיט די בליקן צום טיר—און געוואַרט.
רבי שמחה'לע האָט די טיר לאַנגזאַם געעפנט.
האָבן רבי שמחה'לעס בליקן זיך אָנגעשלאָגן אָן אחד'ס—
בליציק געדרונגען ווי אויגן פון לייבן אין א טיפער נאַכט.
רבי שמחה'לע האָט זיך צו אחד'ן דערנענטערט,
און מיט בחושקייט שטיל פרעגנדיק זיך געבעטן:
„כ'בעט דים צום וויפילטן מאָל,
זיי, יצחק!. . . ווער וועמען דאַרף צוטיילן כבוד?
מיט דיין שטעהן דאָ—ווערט דער מעריב—מזרח. . .
זיי, איך בעט דיך, יצחק".
לאַנגזאַם איז רבי שמחה'לע אויבנאָן אוועק;
שורות אידן האָבן אויפגעשטעלט זיך אין זיין גאַנג.

א רויש איז אין שול ווי א כוואליע אריבער,
דער תהילים־געזאנג איז אויסגעגאנגען,
א מורמל האט זיך אויפגעוועקט, א סוד אויפגעדעקט,
און איז ווידער פארהוילן געווארן,
בעת ס׳איז געשטיגן דעם בעל תפילה׳ס אויפוועק
פון דעם וואכיקן מעריב ניגון ארוים.

נאך הבדלה איז לעני געלעגן וואך אויף דער לעזשאנקע.
א מאנענדיקע שטילקייט האט אים רוען ניט געלאזן.
שאטנס אויף ווענט, ווי פאמפעדימלען, האבן געוויגט זיך,
אים שלאפן ניט געלאזן.
אחד איז געזעסן אין א ספר פארזונקען.
רעיונות זיינען אין הויז ארומגעשוואומען —
געבארענע אן ניגון, אן לשון.
ס׳האט געקוועלט א טיפער קוואל,
נאר א פעלדשטיין האט געהאלטן אים פארשלאסן.
הויערט די שטילקייט שפעט נאך האלבער נאכט.
לעני׳ס שטארע אויגן פרואוון נישטערן ארום זיך:
ער טראכט און קען זיך גארנישט דערטראכטן.
„די מאמע! — — וואו איז זי אוועק?
אן א גוד ביי איז זי אוועק. . .
און פון אלע ווינקלען לויערט שרעק״.
און ער — וואס זאל ער דא טאן?
איז ער מער ווי א פעדער אינם ווינט?
און ווער איז אט דער אנקל יצחק?
א דינס, א דארם אזא, זיצט דא שבת־נאכט;
אויגן — פייערלעך אין טיפער שווארץ,
א שטערן הויך, דינע אדערלעך, ווי צווייגלעך בלויע,
פליסן אונטער דינער הויט.
און פון זיידן־הויט ארוים
בלענדט א העלער זון־שפיגל דורך.

אין פון זיידר־הויט ארויס
בלענדט א העלער זון־שפיגל דורך.
אין שפעטער נאכט — ער אקערט אינם ספר.
רעיונות שפראָצן—פון ערגעץ טיף—געבערן זיי,
ווי פונם קנויט טויכט אויף דאָס ליכט באם אָנצינד,
ביז ער פארגייט פארזונקען אין סוד־סודות.
און ווען דאָס חלב ליכטל הויבט אָן ווינקען און פארהוילן,
דרייט זיך יצחק איין אויפן שלאָף־באנק ווי א קנויל,
און ער מעקט זיך אין דער פינצטער אויס.
דעמאָלט זעט לעני:
פון אלע ווינקלען שאָטנס קריכן,
ווי וואָרצלען פון דער ערד, ארויס,
נעענטערן זיך איינס צום אנדערן,
און פאָרמירן אויס א שאָטנדיקן שטאָם —
ביז די פוסטע גרויסע שטוב
פילט זיך אָן מיט טונקלקייט.
אין דער טונקלקייט נעמט דער שטאָם
זיך אָנטאָן אין א מענטש־געשטאַלט
און שפראָצט ארויף ביזן סופיט,
גרוי און דורכזיכטיק, און
שטעהט און וואָרט, וואָרט און וואָרט און הימ.
שפיצן זיך לעני׳ס אויגן צום געשטאַלט,
פרעגן זיינע בליקן און דערשפירן נישט קיין ענטפער,
נאָר ער זעט אים שטייענדיק אויף אָן אָרט,
א הויכער — פרעמד און נאָענט;
מילד — ווי אָן אייגענע האנט איז מילד.
ניט ער קומט דאָ עמיצן באשטראָפן,
אָדער עמיצן פארגעבן —
נאָר שטומער וועזן שטעהט דערנעבן.
מיט־זיך לעני צו קענען אים באנעמען,
דערשפירן און דערקענען,

אָן שאָרך, אָן וואונק, דערגייען זיין מיין.
אַזוי קומט ער נאַכט נאָך נאַכט—היט און היט,
ווי עפּעס צו פאַרמיידן, עפּעס צו פאַרהיטן,
אָן אַ פליסטער — — זאָגט ער אָן:
זיין שטומקייט איז סימבאָל,
אַז וואָס עס לויערט אַרום לעני׳ן
וועט ווערן אויסגעמידן.
נאָר לעני קען דאָס ניט באַנעמען.
איז ער איינמאָל אין אַ נאַכט אַזאַ
אַראָפּ פון זיין געלעגער,
ווי אַ נאַכט־וואַנדלער מיט אויסגעשטרעקטע הענט
איז ער געדרונגען אין געשטאַלט —
און ניט געפילט ווי דער שאָטן האָט אים איינגעהילט,
געמיטלעך אים אַרומגענומען,
מיט דערבאַרעם צום געלעגער אים צוריקגעפירט.
האָט אַ מידקייט זיך געלייגט אויף לעני׳ס אויגן־דעקלעך,
דאָך זעט ער נאָך, פון צווישן די ברעמען־שפּעלטלעך,
ווי דער מיטן קאָפּ באַם סופיט
שטעהט נאָך אויף זיין אָרט און היט און היט.
נעמט לעני עפּעס אַנען.
דער עמיץ ווערט אַן אייגנס אים.
קוקט לעני מיט אויגן פאַרשלאָפענע,
קוקט, קוקט, און האָט קיין מורא ניט.

איידער פרימאָרגן האָט אָנגעהויבן ווייסלען די שויבן,
אויפדעקן די פינצטערקייט פון הויז,
האָט זיך לעני, אין מאָרגן שלומער, ווייט געטראָגן.
און דער, טונקל־גרוי און דורכזיכטיק,
וואָס שיצט און היט,
אויך ער טראָגט זיך ווייט און הויך מיט לעני׳ן מיט.
וואָלקנס, כוואַליעס, אין מאַטער־בלוי,

עפנען זיך ווי טויערן אויף;
טראָגן זיי זיך האַנט אין האַנט,
האָריזאָנט ארויס, האָריזאָנט אריין,
שוויבלען בארג מיט טאָל, מיט וואַלד און ים,
און נאָך דעם ים, העט־ווייט — ניי־וועלט. . .
עמיץ ווארט מיט א פּאַקעל אין דער האַנט,
באַם סאַמע זוים פון יענעם לאַנד,
נאָר דער פּאַקעל ברענט איצט נישט.
וויל לעני אויסשרייען זיין פרייד
פון דעם וואָס בריט און גליט אין אים
און ווייס אליין ניט וואָס דאָס איז —
נאָר ס'איז אים טויב זיין קול,
באַטש זיין מיין איז שאַרף ווי שטאָל.
און דער וואָס האַלט אים בא דער האַנט
שווימט מיט און היט און היט.
אויך ער רעדט— ווי קיינער רעדט גאָר ניט.
לעני זעט זיין יעדן וואָרט,
נאָר דערהערן — קען ער ניט
„אמאָל, אמאָל האָט פארגליווערט זיך א רגע
צווישן דעם „כי טוב" און דעם „כי רע":
ציען זיך אייביגקייטן דאָ.
ס'האָט די רגע אויסגעשלאָגן,
יעדע שעה — לעצטע שעה.
האָב איך אין א שעה אַזא
געפירט דיך פאַרן האַנט,
גאַס ארויס און גאַס אריין,
אונטן, אינ'ם שוויבל־אומרו,
אין בלוי־גאָלדיקער לבנה־שיין,
דו און איך — איין־אליין.
ביז איינמאָל אין שעה אַזא,
האָב איך אין א רגע זיך פארטראַכט,

איז פאר מיטן־טאָג געוואָרן נאַכט. . .
האָב איך אַ גרוס געשיקט מיטן רויטן טינט,
און געלאָזן מיטן ווינט.
איצט קוק אַראָפּ „מאַי לעני, באַי!"
יאָ, סע שווינדלט דיר דער קאָפּ,
זעסט דאָרט עמיץ פאַלט און פאַלט,
פאַרטשעפּעט זיך, בלייבט הענגען
איבערן טומל פון אַספאַלט;
ס'טריפט פון אים אַ טראָפּ נאָך אַ טראָפּ.
יאָ! ס'דאַכט זיך דאָרט אַ רעגן גייט,
ס'איז אַ רעגן רויט —
דאָס הענג איך, איך. . .
קיינער פאַררייסט צום מאָל דעם קאָפּ,
צו זען פון וואו סע טריפט אַראָפּ
אַ רעגן רויט. . ."
קוקט לעני צו דעם גרונט אַראָפּ,
און סע שווינדלט אים דער קאָפּ.
ער זעט:
סע שוויבלט, גריבלט, בינען זשומען,
אומרו קען קיין רו באַקומען —
מענטשן, מענטשן, בוואַליעס מענטשן
פון די סאָבוויים, פון די טראַמוויים
שיטן זיך ווי אַרבעס אַ שייער,
הורבעס אָן צווישן ווענט,
ווי דער שניי אין זאַוויי,
מענגעס מענטשן אַלערליי.
— וויכערט דורך די גאַסן, פיס מיט הענט,
ווי ס'וואָלט געראַנגלט זיך אַ גיבור פון געפּענט.
דרינגען טראַמוויים, אַטאָס מיט געבריל,
ווי אין אַ בוים אַ שאַרפע זעג
שניידט זיך דורך אַ וועג.

## א ווינקל אין דער וועלט

מאנהעטן פילט זיך אָן
ווי א פענכער, ביז צום פּלאצן.
נאָך רופט זי און זי גריסט:
גוט מאָרגן, ברוקלין, גוט מאָרגן בראָנקס,
קומט צעשאָטענע, צעזייט — איך בין גרייט;
איך האָב מיינע הענט צעשפּרייט
איבערן האָדסאָן, אונטער האַרלעם —
ברענג איך שטאָט מיט שטאָט צענויף
בא זיך אין שויס;
און ברי נאָך היינט א טאָג אייך אויס.
פּלוצים איז די זון
צו א „סקייסקרייפּער" דערקראָכן.
און מיט הילעם בלויע געגומען זיך איינהילן.
ערגעץ אויף א טורם־דאך אין ווינקל זיך פאַרקליבן,
האָט מאנהעטן הענדום־פּענדום,
ווי ס'ווערט א שוים צעבלאָזן,
אַלעמען אהיים צעלאָזן.
— מאנהעטן האָט געשריען: שא, שא!
און ניט געקענט אַנטשוויגן ווערן.
איז געגאַן א רעגן רויט?
איז עמיץ וואו געבליבן הענגען?
א צייטונגסמאַן קען קשיות פרעגן.
ניו יאָרקער ווילן נאָר בשלום זיך אהיים דערבריינגען.
מענטש האָט ליב זיך צו דערמאָנען —
אַז ער דאַרף פאַרגעסן.

ערגעץ הוידעט זיך לעני
אין דער הויכקייטס־טיף,
ווי אויפן ים א שיף.
נאָר דאָ אויפן לעזשאַנקע
וואַרפט ער זיך הין און הער,

דער חלום לאָזט ניט שלאָפן מער.
עפנט ער די אויגן אויף —
זעט ער ווי דורך בלינדער שויב,
ווי ווען דער רעגן שנירלט, בייטשט —
ער איז צוריק אין אָנקל'ס שטוב.
ווי איינער פאַלט פון דאַך אַראָפּ
אין אַ טיפן גרוב —
און סע ווערט אים שווער דער קאָפּ.
אַזוי ליגט לעני אויפן געלעגער,
רוט און רוט און רוט זיך אַלץ ניט אָפּ.

## אין שול

האָט לעני'ן פאַרנעפּלט אַ קאַשמאַר,
שטח — איז געוואָרן שטאָר.
באַרג — איז געוואָרן תהום,
ים — איז געוואָרן שוים.
נאַכט — איז געוואָרן טאָג.
טאָג — איז געוואָרן חלום.
די לעזשאַנקע — אַ בעטל,
אַ וועלטל — אַ שטעטל.
דוכט זיך לעני'ן,
ער זעט מיט אויגן אָפענע — אַ זעאונג:
עס בלענדן גאָלדיק־ווייס הויכע שטרינגענע ליכט.
פלאַמיקע צונגען צינדן אין דער לופט,
ווי אַ בליץ וואָלט דאָ פאַרהאַלטן זיך,
האָט אויפגעהעלט די שול.
אידן! אידן! אָנגעפלאַמטע פנימער,
שטראַלן אויגן פייכטע,
דוכנ'ען פאַר'דבקות'דיקע
אונטער קיטלען און טליתים.

מישט זיך א ניגון מיט געוויין,
שטייגן, ווי כוואליעס - ווענט,
געזאנג און יללות,
ווי ס׳וואָלט א שיף דערזען אין אָפּגרונט:
— ריזן־הענט ציען זיך צו איר,
און פארשוואונדן איז דער ברעג,
דער ליכט־טורעם איז אויסגעמעקט.
גייט אויף די שול אין אזא געוויין,
ווי ווען סע האלט א שיף באַם אונטערגיין.
ווערט געעפנט דער ארון קודש,
פארגייט דער תפילה־געזאנג אין שטילן יאָמער.
טויכט אויף די קדושה
אין אָטעם פארהאלטענעם.
יום כיפור הויערט מורא׳דיק;
וויקלען זיך טליתים איבער קעפּ;
שליסן זיך אויגן.
— לעני׳ס אויגן זיינען אויפגעריסן:
ער וויל מיט איינגעהאלטן אָטעם אַלץ באַנעמען.
דאָס שטעטל איז א חלום,
מאָדנע — דער חלום וויל קיין פּתרון האָבן.
צי א קללה א פארבלאָנדזשעטע.
די רחמים׳טע איז היינט אריין און ארויס,
גערעדט מיט זלאטקען, געשאפּן זיך מיט איר;
האָט זלאָטע נאָכגעשפּירט איר אין די אויגן,
און ווי טרעפנדיק איר נאָכגעפּאָלגט.

פארנאכט —
האָט זלאטקע שוין מער ניט געגעסן באַם קיך טיש,
ווי א צוגעוואָרפענע—א באַזייטיקטע,—
נאָר באַם טיש וואו לעני מיט יצחק׳ן עסן,
איז געזעסן אויך זלאטקע היינט.

## ח. ל. סיימאן

דאס מאל האבן אויפן טיש געברענט הויכע ווייסע ליכט.
פון זיינע אויגן האבן זיך געקייקלט טרערן,
און אף „נו־א־א" האט ער שוין אויך ניט גערעדט.
נאכן עסן האט ער א פאר'צער'טער
ארויפגעלייגט זיינע ליכטיק־אדערדיקע הענט
אויף לעני'ס קעפל. . .
געמורמלט, געשעפטשעט אין זיך,
דערנאך גענומען לעני'ן באם האנט,
און מיט אים אין שול זיך געפירט.
אין שול אים אנגעוויזן שטום מיט א פינגער צו א טיש,
און ער אליין האט אין זיין ווינקל זיך געשטעלט,
א פארנעפלטער מיט די אויגן זיך איבערגעגעבן —
ערגעץ אנטרונען פון זיך.
איז לעני געזעסן פארלאזן,
פארלארן ווי א זעמדל אין ים.
און כוואליעס קולות רוישן איבער אים
און ארום אים —
ביז חיימ'ל א אינגעלע א פעדערל
פון א דערבייאיקער באנק,
נענעענט צו לעני'לען, ווי אלט־באקאנטע.
האט פלינק אוועקגעשלייכט פון טאטן זיינעם,
צוערשט ווי שטיל גנבה'דיק,
און באלד שנעל צעפרעפלט זיך א געווירציק לשון,
ווי ער וואלט מיט לעני'לען גערעדט צום צענטן מאל.
נאר לעני האט קוים אויפגעכאפט דעם זין
פון חיימ'לס שנעלע געמאלענע ווערטער.
אין מזרח האט מען איצט די טירלעך פון ארון קודש געעפנט.
האט חיימ'ל צוגעלייגט א פינגער צום מויל,
שטיל געווארנט לעני'לען:
„פארמאך די אויגעלעך, לעני,
די שכינה וועט באלד קומען אין שול.

גאַט באַווייזט זיך יום כפור נאַכט
דורך דעם פורפור־פענצטערל פון ארון קודש דאָרט.
זיין ליכט איז ווי א בליץ וואָס גדרייעט,
און ווער עס האַלט די אויגן אָפן,
ווערט בלינד פון בלענד . . .
האַלטסט פארמאַכט די אויגן לעני׳לע?״
האָט חיימ׳ל מיט פאַרמאַכטע אויגן אים געפרעגט.
— יעס, איך מאַמאַכט די אגען,
ווען ער קומט דער „וואַטש־מיקאָלעט?״
האָט לעני׳לע הויך געפרעגט.
— שאַ.
— מהום.
— שקצים.
האָט זיך א שאָט געטאָן א בייזערייי פון ארום זיי.
דאָס דאַוונען איז ווי אויף א ווײַלע צעשפּאָלטען געוואָרן.
און חיימ׳ל איז פאַר די אויערן געטראָגן געוואָרן
פון טאַטן זיינעם צוריק צו דער לאַווקע.
נאָר קיינער האָט ניט מפסיק געווען;
אויגן זיינען געבליבן פרום פאַרגלייזט;
די תפלות האָבן זיך פאַרטוקט אין ניגון;
א גזר איז געהאַנגען אין דער לופטן;
און דאָס וואָג־שאָל צינגל איז ערגעץ געבליבן ניט גערירט.
לעני האָט זיך אראָפּגעלאָזט אונטערן טישל,
זיך איינגענורעט, און א מידקייט האָט זיך געלייגט
אויף זיינע ברעמען.
ער האָט די אויגן געעפנט און פאַרמאַכט.
געטראַכט:
פאַרוואָס זאָל ער האַלטן די אויגן פאַרמאַכט?
און ווער איז אַזוינס וואָס קומט דאָ היינט באַנאַכט?
ער האָט געפּרואווט צו טרעפן חיימ׳לם א בליק,
נאָר חיימ׳ל איז געווען פאַרטאָן נעבן טאַטן זיינעם אין מחזור.

זיין תפילה יעירט דאָרט מיט גרויס התמדה.
פונם פענצטערל אין ארון קודש
שוועבט קיינער ניט אריין,
קומט קיינער ניט ארויס.
נאָר סע בלאַנקט דאָס גאָלדן וואָרט „יהוה", פון פורפור שטיבעלע,
אזא גאָלדן אויג! . . .
ווי סע וואָלט אַן אויג געהאַלטן וואַך —
קוקט לעני ארויף צום ווייבערשן געלענדער
און נישטערט דאָרט צווישן די פּנים'ער,
אפשר פּאָרט —
כאָטש ער ווייסט:
נישטאָ די מאַמע זיינע דאָרט — זי קען ניט זיין.
— מע האָט אים היינט צוגעלאָזן צו איר.
זי האָט שטאַר געקוקט אויף אים,
ווי אַ פאַרשלאָפענע לייביכע,
איר לענע'לען ניט דערקענט . . .
נאָר עפּעס האָט זי געפּרעפּלט צו זיך אליין,
ווי זי וואָלט אַ וואָרט גע'מעלה־גרה'עט:
— אַי דאָנ'ט נאָו, אַי דאָנ'ט נאָו,
פּאַ, פּאַ־פּאַ, פּאַ־פּאַ,
אַי דאָנ'ט נאָו. . .
לעני'ן האָט זיך ניט געוואָלט גלויבן
אַז דאָס איז — זיין מאַמע בעטי!
מאָדנע אויסגעקרימט — פרעמד . . .
ער איז אוועק פון איר
ווי מען גייט אוועק פון אַ לייביכע אַ פאַרשלאָפענע,
אַ פאַרגעסענע אין אַ שטייג . . .
זשמורעט ער מיט די אויגן איצט,
רייבט דאָס נעזל זיך און גענעצט.
און די צייט הוידעט זיך אויף איין אָרט,
הויערט אין שול דער תפילה־נגון,

א גאַנצע שול נעמט אים פאַרוויגן.
דאַכט זיך לעני'ן:
אפשר איז דאָס אַלץ א חלום גאָר,
— — א שטעטעלע!
איינגעטונקט אין גרויליך־בלוי,
א שולכל, שטיבלעך — געסעלעך מיט הייקערס,
א מאָדנע וועלטעלע אזא — —
א ווינקל, וואו טיפקייט לויערט . . .
מיט א יצחק'ן א דאַרס, א חלוש,
— א ריז אין אויביקייט.
זלאַטקע, מיט גרויע אויגן, אויסגעמעקטע,
ווייל נאָר אַלץ פון בויך אַרויסראַנגלען א וואָרט,
א וואָרט! אויף אירע ליפּן.
און די רחמים'טע — אַן אָנגעפּראָפּטע, באַוואָרנטע,
טראָגט דעם חסד פון איר מזל אין די אויגן.
און בליט מיט רחמנות צו אַלץ . . .
און חיים'ל — א פּעדערל,
מיט אויגעלעך — שוואַרצע שרעטעלעך,
פאַר וועמען די שטעטעלע איז א גרויסע וועלט,
און די וועלט — א ווינקעלע אין איר.
דאָס איז אַלץ א חלום גאָר;
ס'האָט א ווילדע נאַכט דאָס אויסגעטראַכט.

גאָר איצט, אַז לעני האָט צוגעמאַכט די אויגן,
גענומען חלום'ען אויף אַן אמת —
דאַכט זיך אים:
אַז אַלץ איז גאָר ווי געוועז,
ס'האָט גאָרניט זיך געביטן;
אַז דער חלום — איז די וואָר.
סע קומט דער טאַטע צו זיין בעט,
אים דאַכט זיך גאָר:
גלעט דאָס קעפּל אים און שעפּטשעט:

„געט אַפּ! געט אַפּ!
לעני, לען! איט׳ס לייט!״
און לעני שמייכלט צום טאַטן,
אַ פאַרשלאָפּענער שפּרינגט ער באַלד פון בעט אַראָפּ,
טוט זיך אָן אויף שנעל — עס וואַרט אַ טאָג אויף אים;
און ער דאַרף דעם טאָג פאַרנעמען.
זיין פרישטיק וואַרט שוין לאַנג אין קיך,
די מאַמע איילט אים — גיכער „האַרי״,
דאָנ׳ט פאָרגעט, טרינק אויס די מילך!
בן יחיד מיינער! —
זי קוקט מיט צערטליכקייט אויף אים
און קוועלט ווי אַלעמאָל אויך איצט.
און לעני שלינגט און כאַפּט,
און שוין — ער שפּרינגט פון די שטיגן ווי אַ האָז,
אין גאַס אַרויס,
לעני פליט;
וואָס צום האַנט גיט ער אַ פּליס,
און וואָס אין וועג גיט ער אַ בריק.
אָן אויגנבליק;
אָט! ער איז שוין באַם „סקול יאַרד״ דאָ.
— האַי, לעני!
— האַי, בעני!
קרייצן אויסרופן פריש און מאָרגנדיק.
— העלאָו, בעטה! היי, העלאָו! —
ענטפערט לעני אָפּ.
הילכט און מישט זיך דער געוווימל.
שפּרודלען אינגלעך, מיידלעך,
בלענדן קאָלירן אַלערליי;
קליידעלעך און שלייפן,
מיט ביכלעך אונטער אָרעמס.
צעפּעלעך און קרויזן,

שוויבלט אלץ און פלאטערט;
— האי, לעני! האי!
פאלט א באל ביי זיינע פיס,
רופט עמיץ מיט אפענע הענט:
— היי, לעני! טהראו דהע באל.
— היי, דהע באל!
און לעני בייגט זיך צו דעם באל,
און קען צום באל ניט גרייכן.
עפעס ציען זיך ניט זיינע הענט,
אויך שווער איז אים דאס בויגן זיך,
ווי עמיץ וואלט מיט ריזן־הענט
געשלעפט, געהאלטן אים צוריק.
— — העי, דהע באל, לעני!
— — העי, דהע באל!
בלייבן לעני׳ס אויסגעשפרייטע הענט הענגען,
און ס׳ע מישט זיך אים דער קאפ.
פלוצים האט א גלעקל־קלונג א הילך געטאן די לופט,
ווי א סערפ פארשנייט דאס גראז
האט עס פארוואָרפן די קינדער פונ׳ם „סקול־יארד״,
ווי טרוקענע בלעטער אין אסיען שטורם.
האבן זיך קינדער אפגעטראגן בא די הענט,
בא די טירן, בא די שטיגן,

אין שורות זיך צעשטעלט.
איז לעני געבליבן שטיין אין „סקול־יארד״,
ווי אן איינזאם פלאנץ — אין אן אויסגעטריקנט פעלד.
ווייס ניט לעני אז ער חלומ׳ט. . .
און אז א חלום איז א ליגן.. . .
נאר פלוצים דערזעט ער א י ם ! ! !
ווי א שאטן גרוי, אט דער וואס שיצט און היט,
און רעדט — ווי קיינער רעדט אזוי גאר נישט.

נעמט אים אָן באַ'ם האַנט, מיט מיין און וואונק,
זייערע טריט, ווי אין דער לופטן וואָלטן זיך געטונקען,
נאָענט ווי איינער אין דעם צווייטן ליבער,
שווימען זיי דעם „סקול־יאַרד" איבער,
און בלייבן שטיין באַ'ם טיר פון סקול —
ווי פרעמד ־ פאַרלאָזענע.
לעני'ן ציט, ער וויל אריין,
נאָר עפּעס דאַכט אים:
ער איז שוין לאַנג דאָ ניט געווען —
ער האָט גע„מיסט". פאַרוואָס האָט ער גע„מיסט"?
פרואווט ער טראַכטן —
און קען אין חלום ניט צוזאַמענבינדן
די „סקול" מיט'ן שטעטל. . .
ווערט אים מאָדנע באַנג.
זוכט ער דעם עמיצן אַרום זיך.
דעם עמיצן — וואָס האָט אים איצט אָן אַלץ דערמאָנט,
אַזוי אייגן און באַקאַנט.
ער איז ערשט געווען דאָ,
און איז פּלוצים ניט געוואָרן.

אין שול —
איז די שטילקייט אין זיך אַליין איצט איינגעגעסן.
— תפלות דרעמלען אונטער אויסגעטאָנענע טליתים.
סטרינאָוועגע ליכט האָבן זיך שוין פאַרשניטן אויף האַלב
די ווייסע שוואַנען־העלזער.
רינגען גאָלדענע צירקלען אַרום די פלאַמען.
די שול איז ווי מיט גאַזן־לופט פול אָנגעטרונקען —
יצחק קען ניט אין זינען האָבן לעני'ן.
אַ וואָגשאָל־צינגל שטייט אין הימל ניט גערירט.
— אַ גזר האָט זיך געגרייט. . .
מענטשן אויף אַ שיף אַ פאַרוואונדערטע,

רופן נאָך הילף אינ׳ם חושך פון דער נאַכט.
דער ברעג איז פאַרטרונקען,
דער ליכט־טורם — אויסגעלאָשן,
דער תהום א טיפער — וואַרט. . .
דאַרף דאָך עמיץ אָפּבעטן דעם גזר.
איז אחד זיין שול געווען ווי א פלעווקע נאָר,
און אויסגעדראָשענע פּלעווקע.
ער אליין איז ווי א קערנדל פון זיך אַרויסגעקוואָלן,
אין הימל פאַרן בורא זיך געשטעלט,
דעם וואָגשאָל־צינגל געהיט מיט פולע אויגן,
און געבעטן רחמים..

דער מענטש זינדיקט בלא־יודעים,
און ווייסט דערנאָכדעם ניט פאַרוואָס אים קומט די שטראָף.
דערוואַקסענע פאַרשפּילן זיך ווי קינדער,
און פאַרשפּילן זיך אַזוי ביז זינד.
אָבער ביודעים ווי קען א איד זיך שטעלן קעגן דיר?
אָט דער שכן „דער שטאַצעצניק”, נעבעך,
האָט דאָך ניט געקענט אַנען און מיינען
דעם רבונו של עולם להכעיס צו טאָן,
אָדער אים, יצחק׳ן, צו מצער זיין,
נאָר גלאַט אַזוי א שפּיל אַזאַ,
ניט פאַר אידן געדאַכט.
האָט דער שטיפער אָנגעטאָן אַפן כלב דעם של ראש,
רצועות פאַר לייצעס — רחמנא ליצלן,
און אַזוי נאַריש ווילד באַ דעם געלאַכט.
גאָטעניו! דאָס קען דאָך ניט זיין ביודעים,
ס׳איז א קראַנק שפּיל אַזאַ, א ניט באַקלערטס.
און דיין קינד איז אין גלות,
און צוליב זיין געדריקטקייט איז ער קאַפּאַבל
זיין א מורד במלכות,



ווערט עס באַ אים אַזאַ קרומער קפיצת הדרך,
די ניט־געמיינטע חטאים, רבונו של עולם.

געפינט זיך יצחק ניט אינגאַנצן דאָ וואו ער שטייט אַצינד,
נאָר העט דאָרטן באַ דער השגחה עליונה שטייט ער
און לאָזט ניט דעם וואָגשאָל־צינגל אָפּ פון זיינע אויגן.
פאַר לעני׳לען האָט קיינער תפלה געטאָן,
ליגן ערגעץ עלף חתימות אונטער פאַרמאַכטע טאָוולען,
די צוועלפטע אפשר ניט געשריבן גאָר,
נאָך ניט פאַר׳חתמ׳עט.
לעני וויים ניט אַז ער דרעמלט איצט אונטערן טיש,
אַן איינגענורעטער — ווי אַ פאַרקייקלטער פון ערגעץ.
אויך ער איז איצט אין שול כמעט ווי גאָר נישטאָ;
טייל אין אים איז פאַרשוואונדן ווייט, ווייט.
אויך ער ליגט ווי אַ טלית אויפן לאַווקע,
אַן אויסגעטאָנענער פון זיך —
גלידערלעך צעוואָרפענע,
אים חלומ׳ט זיך:
אַזוינס וואָס האָט געזאָלט זיין וואָרער לעבן.
ווייס ער איצט ניט אַז דאָס שטעטל — אַ מאַריאָנעטן־וועלטל,
וואָס האָט ניט געקאָנט געמאָלט זיין, אפילו זיין אַ חלום,
איז אין אמת׳ן די גרויע וואָר.
עפנט לעני פאַרגלייזט די אויגן אויף,
דאַכט זיך אים: עס קייקלט זיך אַ ראָד,
און ער איז אינ׳ם ראָד אַריינגעקלאַמערט,
שווינדלט אים דער קאָפּ אינם געדריי,
און אָט פאַלט ער אַראָפּ, פאַרקייקלט זיך
דאָ אונטערן טיש — אַן אוועקגעוואָרפענער.
קוקט לעני צעמישט און שטאַר, ער קען ניט גלויבן.
פוסט, צעוועלגערט איז די שול,
די אידן — ווי זיי וואָלטן צעשמאָלצן געוואָרן



פריער נאָך פאַר די ליכט.
זייערע תּפֿילות גראָבן זיך נאָך אין סופֿים.
אָנגעפּוכטע געבליבן זיינען נאָך זייערע טליתים.
די ברעס־געפלאָכטענע מנורה מיט ליכט פלאַמען
פינקלט רונד אַרום —
ווי אַ בוים אָנגעטאָן מיט בלעטער אין סוף יולי־זון.
אין דער ליכטיקייט פון שול
בלענדט דער פון האַלץ געשניצטער ארון קודש,
בלענדט מיט קופער־קאָליר פון זיינע הונדערטע יאָרן אַרויס.
אויף די טרעפּלעך שטייט איצט עמיץ. . .
שטייט ווי אַן אָפּגעהאַקטער זייל.
אַ קרוויזיק קאָפּ, ברייט־פּלייציק, הענט אַראָפּ.
„זאָל דאָס זיין אָט דער וואָס גייט מיט. . . וואָס היט?". . .
ראָבן זיך לעני'ס אויגן אָנגעשטעלט אויף אים.
— ס'איז יאָ. . . און ס'איז ניט. . .
יענער איז אַ טיפער שאָטן, אַ מענטש־טאָפּאָל,
דורכזיכטיק־גרוי, אין מילך־באַגינען.
נאָר דער דאָ — מיט די הענט אַראָפּ —
האָט גאָר אַ געקרויזטן קאָפּ? . . .
— אַ גאַסט אַ מאָדנער אין ליכטיקער שול.
— חלומ'ען זיך לעני'ן טעג — מיט וואכע אויגן?
צי דורך די נעכט נאַרט אים אָפּ דאָס —
וואָס האָט געזאָלט זיין גאָרערוואָר?

לעני האָט זיך לאַנגזאַם צו דער בימה דערנענטערט,
געוויגט זיך פאַרשלאָפן, געזוכט מיט די הענט,
ווי אַ בלינדער זיך צו דער בימה גענענט.
זיינע אויגן האָבן זיך פּלוצים אויפגעריסן פאַרוואונדערט,
צעשפּיצט זיך, צו דעם אויף די שטיגן
וואָס שטייט אַ פאַרשטאַרטס —
צי ער שעפּטשעט, צי ער פּרעפּלט,

אָדער פאַרטראַכט אין אַ טראַכטן וואו טראַכט איז געבעט,
תּפילות וואָס לאָזן זיך זען, ווען מען איז אַליין — און ס'איז שפּעט.
אין חצות־מינוטן קען מען רעיונות דערהערן —
אַ לשון וואָס גאָט נאָר דאַרף קענען באַנעמען,
ניט קענען זיך ווערן, און — פאַר זיך — זיך פאַרשעמען.

געקומען איז הנידה אין דער שפּעטער שעה,
נאָכדעם ווי דער עולם איז מיט בטחון געגאַנגען אַהיים.
און קיין אויג איז ניטאָ
וואָס זאָל אים שטעכן מיט בליקן פון פאַרוואורף דערגנידער,
ווי אַ מויל וואָלט געזאָגט: — דו ממזר בן הנידה.
געצויגן האָט אים דאָ אַן איינזאַמער בייַנקען.
אים דאַכט זיך אָפּט אין פעלד ווען ס'איז שטיל,
אַז סע רעדט צו אים
דער שאָרך פונ'ם ווינטל־כוואַליע איבערן גראָז.
ער הערט זיך צו:
צו דער זיבערקייט פון בוים אינ'ם ציטער פון בלאַט;
און ווען דער חלל צעכוואַליעט זיך
נעמען בוימער רוישיק מתפּלל זיין,
און ס'הויערט דעמאָלט — א ה י ה — הע־הע,
דער אָטעם פון אין־סופ'ם דויערן,
דעמאָלט — פילט ער שפּל'דיק, פאַרצוקט.
און פאַרן אָנקומען פון אַ רעגן־שטורעם
פילט ער עמיצנס געפּלאַצטע רו,
ווי אין לאַסטשענדיקן ווינטל — פאַטערליכן גלעט.
דאָרט, צום אויביקן געבאָט, דערגייט ניט זיין געבעט.
דאָרט רעדט גאָט און אַלץ הערט צו.
אפשר איז מתפּלל דאָרט דער בוים,
און תּפילה זאָגט די גריל,
נאָר ער, הנידאָ — ער איז שטיל.
— ער קומט דאָ יום כּפּור נאַכט,

## א ווינקל אין דער וועלט

ווי א פרעמדער אויף גאָט׳ס שוועל,
ווי די קלוגע „בלומקע" זיווע׳ס קו, מיטן לשון אינ׳ם קהעל.
דאָ, זאָגט מען, הערט זיך גאָט איין, הערט זיך גאָט צו.
דאָ ווערט געטלעכער דער בידנער מענטש,
איז מעגלעך, אז מענטשלעך־נאָענט ווערן דאָ זאָלסטו!
אזוי איז הנידה געשטאַנען אויף די ארון קודש טרעפּ,
ווי ווען סע שטייט נעבן אים א הילפלאָזע זיווע׳ס קו,
אין די אויגן שטום געבעט.
און געלאָזן פון געמיט א מאַסע באַפרייען,
ווי שטיינער א באַרג איבער אים וואָלט צעפאַלן.
זיינע ליפּן האָבן קוים זיך געציטערט, געפּליטערט,
ווי סע וואָלט א מענטש זיך באַם פאַסטעך געפיטערט.
איז אים באַשערט:
זיין תפילה א שטומע, אין דער שפּעטער שעה,
זאָל אפשר דאָ ווערן פאַרהערט?
ווייל—ער, ער קען דאָך פאַרנעמען א מענטשנ׳ס געדאַנק,
ווי דעם בעל תפילה׳ס געבעט.

לעני איז געשטאַנען נעבן דער בימה פאַרוואונדערט,
ווי ער וואָלט דורך א נעפּל א בלויען א צוטומעלטער געדרונגען.
— דער אָ?! — — — — — —
אָט דער אויף די טרעפּ איז דאָך ענלעך צו דעם וואָס גייט מיט,
וואָס היט, און היט — — — — —
ערשט געזען אים אין חלום און אים פאַרלאָרן.
ווי אזוי איז ער פּלוצים אין שול דאָ געוואָרן? . . .
זייערע אויגן האָבן זיך ווי פראָזשעקטאָרן באַגעגנט.
— שפּיז קעגן שפּיז, מיט פייערלעך געפינקלט, געפרעגט זיך,
ביז די פייערלעך האָבן זיך דערנענטערט, דערקענט זיך. . .
ווי זיי וואָלטן אין אור־קוואַל צוזאַמען געגליט,
קיינמאָל געזעגנט. . . כאָטש ערשט זיך באַגעגנט. . .
פון ווען — ווי אזוי? ווי עס קומט, ווי עס גיט.

ס'האָט איינמאָל אַ נעכטן — דעם מאָרגן געבריט. . .
זאָל פוילן, צעפאַלן, דערנאָך ווערן צעבליט.
ווי שנייען, זאַווייען, די זריעה פאַרשיט —
האָט זיך צעשפּילט אין הנידה'ס אויגן — אַ פּייערל גרין. .
אין קאָפּ האָט זיך אים צעוועבט—אַ געוועב, גרוי און דין,
ווי דער געוועב פון אַ שפּין — —
האָט אויפגעטויכט אַ שנאה אַן אַנגעגורטע פון לאַנג,
און נע'סמ'ט האָט אַ שיפּן פון אַ שלאַנג,
צום שוואַרץ יאָר — צוויי זין צוויי זין. . .
פּלוצים האָט דאָס געוועב אין אים ווי אַ שפּין
געשפּונען אַ נעץ אַ גרויע, אַ דינע,
פאַרן אינגל וואָס שטייט דאָ פאַרלאָרן — —
אויף שנעל איז ער פון די טרעפּ אַראָפּ,
ווי ס'וואָלט אַ קייקל געטאָן זיך אַן אָפּגעריסן קנאָפּ —
איז אַ ווינקל וועלט דאָ געוואָרן.
קוקן הנידה און לעני זיך אָן, ווי אַ הענדל און אַ האָן. . .
און שטענדערס און בענקלעך, עדות'ן פאַרשטומטע אין האַלץ.
ס'האָט זיך אין טויבקייט אַ ווײַלע קיין וואָרט ניט געהערט,
ס'האָט נאָר דער גורל געוואָרפן שטום זיין באַשערט.
דאָ האָט הנידה געווענדט זיך צו לעני'ן מיט וואָרט: ?
— ווייסט ווער איך בין? מיין נאָמען געהערט?
ניט וויסנדיק פון עפּעס האָט זיך לעני געוועריט,
פאַרשלאָפן געשטאַמלט:
— אי, אייעם סאַררי, ניט געהערט, איך געקומט פון אַמעריקע. . .
איי דאָנ'ט נאָו, מאַי מאָם איז סיק, מאַי דעד איז דעד,
מאַי אָנקל גיט רייך, מאַי ענטי איז שטום,
און רחמים איז ביזי, נוויוועס פאַר מיר.
אי דאָנ'ט נאָו וואָס איך טון —
אויף הנידה'ס שטערן האָבן זיך געדאַנקען צעשאָטנט,
ווי כוואַליעס געשלאָגן, דערשלאָגן צו אַ ברעג.
האָבן זיינע הענט זיך אָפּגעלאָזן, גענומען הענגען,



ווי ערשט אָפּגעגאָסענע חלב'ענע ליכט.
ס'איז אים געוואָרן וואַרנענדיק באַנג —
ווי ס'וואָלט אין אים גאָר צעוויינט זיך אַ שלאַנג.
נאָר באַלד האָט ער דאָס היטל אויף הינטן פאַררוקט,
זיינע טשופּרינעס האָבן זיך צעבוואַליעט ווי הירשן־הערנער;
אין זיינע אויגן האָבן זיך פייסטן געטוקט,
און צום ארון קודש געקוקט מיט פייערלעך געל־לאַכנדיקע. . .
האָבן זיך פייערלעך אַלע געלער און העלער געצונדן.

דער ארון קודש איז געשטאַנען אין רחמים־רו,
די כרובים האַלב־פאַרזונקען אין די לוחות;
און פונם „יהוה" האָט אפילו קיין וואונק ניט געוואונקען.
האָט זיך צעאומרוט הנידה'ס געמיט —
די געלע פייערלעך אין זיינע אויגן זיינען געוואָרן גרין,
פון מויל זיינען ווערטער ווי שטיינער געפאַלן,
צעזאָטן מיט כעס.
— דו, דו, האָסטו פאַרטראַכט;
אָן אַ משפט פאַר'משפט'ע צונויפגעבראַכט.
איך וועל פאַרשטערן דיר דיין רו,
אַז פאַרברענט זאָל דאָס ווערן —
אַ פייערל וועט דאָס צינדן. . .
אַז וואַסער זאָל ניט קענען לעשן.
כאָטש איין נאַכט אַ ליכטיקע אין שטעטל,
זאָל דאָס שטעטל ניט פאַרגעסן.
זאָל יענע נאַכט זיי אויך אָן אונז דערמאָנען.
ניטאָ מיט וועמען זיך צו פאַרנעמען?
וועמען וועסטו פרעגן, פאַרוואָס, פאַר־וועו?
איך היים הנידה, דו הייסט לען:
אונזביידן קאַטעוועט אַ בייטש,
און מע טייטלט נאָך צו אונז: סטייטש, סטייטש!
קום! קום לעני!. . .

אין בלויען דרויסן
האָט דער הימל זיך צעעפנט —
שטערן ספּרוטנע
נאָכגעשפּיאָנירט האָבן נאַכטיקע טריט.
אחד האָט געעפנט די טיר פון שול,
אריינגעשארט זיך מיט סאַמעטענע טריט,
געבליבן שטיין מיט די אויגן געווענדט צום טיש
וואו לעני איז פריער געוועזן.
עפּעס האָבן זיך בא אים געוואָלקנט רעיונות,
סומנע פייערלעך אין זיינע אויגן
האָבן געוואַנדערט צו די אַרומיקע לאַווקעס;
און די שטילקייט פון שול האָט באַדויערט
זיינע פרעגנדיקע בליקן.
אין שול האָבן שוין די תפלות געלייענט קריאת שמע,
פאַרדרוסנענע אין סופים.
אָנגעפּוכטע טליתים זיינען געבליבן ליגן כורעים.
דאָ האָט די שטילקייט געצעגערט אין ווארטן,
און אין געדייען פון רו האָט זיך אחד׳ן געדאַכט,
ער הערט זיינע אייגענע רעיונות;
סע רעדט אין אים, דורך אים,
פון אַלע וועלטן אַרויס,
וואו חסד איז איבער משפט,
און רחמים איז איבער דין — ..
אַזוי שטייענדיק מיט וואַנדערדיקע בליקן
איז בא אחד׳ן צעשוואוּמען געוואָרן דער זין,
צוליב וועלכן ער איז דאָ געקומען.
— קען זיין זיך אויסגעמידן מיט לעני׳ן אויפן וועג אצינד —
האָט אחד געטראַכט —
און איז באַלד אין זיך פאַרגעסן געוואָרן.
— דערשארט זיך צו זיין ווינקל,
געבליבן שטיין מיט פאַרמאַכטע אויגן דורך דער נאַכט.

די שטילקייט האָט געהויערט אין שול,
גאָט אַליין האָט אפשר זיך געשטעלט באַם ארון קודש,
און געדאַנקט פאַר די וואָס גלויבן אין אים.

די נאַכט איז געפאַלן אַ שטילע באַם שוועל פון שטעטל.
האָבן שטערן אין בלויען ווייט געוואַכט — געהיט,
ווי די נאַכט אַ צודעק אַ טונקעלן פאַרציט.
און פעלד, און בוים, און הויז מעקט זיך אויס.
און ווען די שטערן האָבן דורך דער פינצטערקייט
צו גאָרנישט זיך דערשפּירט,
צו גאָרנישט זיך דערטראַכט,
און נאַכט האָט ניט געקאָנט פאַרבלייבן נאַכט —
האָט זיך צעבליט דער הימל באַ די ראַנדן.
פון די אָקרענטן האָבן זיך געצונדן פלאַמען,
ווי מען וואָלט מיט ראָז־ווייסע פאַקלען נישטערן אויף די וועגן,
ביז די פינצטערקייט נעמט פון זיך אַליין אַנטרינען,
צו ווינקלען און שפּאַלטן צערונען.
שאָטנס־הענט שלעפּן הילעס שווארצע
פון דער נאַכט׳ס בלינדן פּנים,
ביז סע דעקט זיך אַלעס אָפּ וואָס קומט אַנטקעגן.
האָט דאָס ווייסלען זיך אַ בליאַסק געטאָן
אין הנידה׳ס פענצטער.
צעבלייכט די פינצטערקייט אין הויז —
וואָלט דער שפּור ליכטיקייט געקענט שווערן,
אַז די צוויי דאָ — פאַרטראָגענע אין שלאָף —
זיינען איינס אין אַנדערן געראָטן . . .
ווי ציצית פון אַ טלית קטן.
נאָר ווי קומט גאָר ליכטיקייט צו שווערן?
ליכט וויל ליכטיקער נאָך ווערן,
מיט פינזלען גאָלדענע פינצטערקייט פאַרקערן.
איז ליכט געדרונגען דורכן פענצטער,

מיט פליגלען געשפילט זיך אויף פארמאכטע אויגן,
ווי גאלדענע פויגעלעך וואלטן אנגעפלויגן.
האט הנידה געעפנט זיינע ברעמען,
און פאר זיך אליין געשעמט זיך צו פארשעמען.
ער, הנידה, איז געשלאפן — זע מיט וועמען!?
— ניט די נייע דינסט־מויד אינם שטעטל,
וואס נעכטיקט צו אביסל אין זיין בעטל,
אז דער שווארץ יאר קען זי אויך ניט נעמען.
ער, הנידה, איז געשלאפן גאר מיט לעני'ן.
האט הנידה געפאנגען מיטן אויג א געדאנק,
מיטן ערשטן שפרונג פון געלעגער אראפ,
האט גענומען אומרוען אין אים די שלאנג,
וואס האט באם ארון קודש נעכטן פאר'גנב'עט זיך אין אים.
האט די שלאנג גענומען איצט גאווערן אין אים:
— סטייטש, דו שעיר לעזאזל, תם —
דו הנידה, גבר!
קענסט דאך פארקניפן די הערנער פון אן אקס,
האסט קיין כח ניט איצט אפילו א שוועבעלע א צינד־טאן,
וויגסט זיך אצינדערט ווי אין ווינט א זאנג . . .
אזוי האט מיט פארוואורף אין אים גערעדט די שלאנג.
האבן זיך באוויזן הנידה'ס ווייסע ציין,
און איראניש שמייכעלע אויף זיין פנים:
— איך, דער שעיר לעזאזל, תם,
וועל אויפוועקן א פלאם. . .
וועל אויפוועקן א פלאם — .

## אין פעלד

הנידה מיט לעני'ן האבן פון שטעטל געשפאנט,
און פריילעך זארגלאז געפייפט.



זייער פייפן האָט געשניטן דעם וועג אין פאַראויס,
די וועלט איז דאָך גרויס.
פון דער אַנדער זייט „ספּוסק״
איז זיי אַנטקעגן געקומען דער אַראָמאַט פון פריש געשניטן גראָז;
פעלדער האָבן זיך ברייט צעוועלגערט און ווייט זיך צעלאָפן;
און דער מיטנבאַטאָג איז דאָ אויף אָן אָרט געשטאַנען,
ווי ס׳וואָלט הימל און ערד זיך פאַרטראַכט —
אויפן פאַרשווינדן פון מאָרגן און אויפן לויערן פון נאַכט.
לעני איז הנידה׳ן נאָכגעגאַנגען ווי אַ קעלבל אַ קו,
געפּלייסט זיך אויף פייפן ווי ער.
איבערן וועג איז אַריבערגעשפּרונגען אַ האָז,
זיך אָפּגעשטעלט, אַ שפּיץ־געטאָן די אויערן —
האָבן זיך אויערן גע׳חדוש׳ט און באַלד פאַרשוואונדן אין גראָז.
אַ פויגל איז ערגעץ פאַרגאַנגען אין שירה,
און געזאַנג איז געפלאָסן דורך אָפענע טויערן.
פאַר לעני׳ן האָט אַלץ דאָ געמיינעט מיט יראה,
מיט פרעמדקייט מיט ברייטער, וואו מענטש ווערט פאַרלאָרן.
וואָס ווייטער, אַלץ נענטער איז פעלד־רו געקומען אַנטקעגן.
האָבן זיי די סטאַדע דערזען שוין צעשפּרייט איבער לאָנקע —
רויט־ווייסע פלעקן אויף גרין. . .
אַ קו, אַן איינצעלנע, האָט דאָ זיך פאַרבלאָנקעט,
מעלה־גרה׳עט אָן אויפהער, ביחידות פאַרגעסן.
אַנדערע האָבן געהויערט צעלייגטע אויף קני:
גראָז איז בײַ זיי מער קיין חידוש צו עסן.
אַ ציג האָט זיך צעשפּרונגען,
קענגן קיינעם צעפּלייסט זיך,
מיט הערנער אין דער לופטן געאַקערט,
פּלוצים זיך אָפּגעשטעלט, כלומרשט פאַרטראַכט —
פאַר קיין מענטשן געדאַכט.

יאַנעק, וואָס פיטערט די סטאַדע איבער יום כּפּור,

איז געלעגן צעוואָרפן ווי אַ בער און געכראָפּעט,
כאָטש נעם און באַ'גנב'ע דעם אינדרויסן.
האָט הנידה אַ לייכטן בריק־געטאָן דעם צעוואָרפענעם יאַנעק,
האָבן זיך פּיס געקלאַפּט ווי גלעזלעך באַם טרינקען.
האָט יאַנעק געעפנט באַזאַכט זיינע גרויע אויגן,
און אין זיין גאָמבע — באַשפּראָצט מיט שטרייענע הערלעך —
האָט זיך אַ מויל מיט שיטערע ציין באַוויזן,
קעלביש געוואונדערט, צופרידן געמרוקעט:
— רופּוזשע וויעלנאָ! ביסט דאָ?
גוט, איך געוואַרט אַף דיר, אַוורעמקאַ,
צייט פאַר מיר גיין צום הויז. יע, צייט.
יאַנעק'ס בליקן האָבן אויף לעני'ן זיך אָפּגעשטעלט,
און געפּוילט זיך צו פרעגן אויף דעם דאָ — )
מיט שיך אויף די פּיס, מיט הויזלעך פּאַרשניטן,
באַם האַלז אַזאַ מאָדנעם — אַ שניפּסל.
האָט הנידה אויפגעכאַפּט יאַנעק'ס פאַרוואונדער.
— ער איז אַן אַמעריקאַנער, אליין אין שטעטל,
האָט הנידה, ווי צו אַ חבר, גענומען דערציילן.
— אַ מזל ווי דיינער, אויך זיין טאַטעס ניטאָ אים.
געבליבן שטעקן אינם שטעטל באַ דעם איצקום דעם ראַבין
מיט דער שטומער ווייב.
איך געבראַכט אים, זאָל זען דיין האַהאַראָבע.
האָט יאַנעק אָנגעקוקט מיט גלעזערנע אויגן, זיך געוואונדערט:
— אַמעריקאַנקאַ, האַ? האָט אויך ניט קיין טאַטן?
„נע גערא" — ניט גוט.
האָט יאַנעק ווי צו זיך גערעדט, און צונויפגעמענדיק די פּיס,
אַ וויגנדיקער זיך אויפגעשטעלט,
געלאָזן זיך גיין שווייגנדיק באַרג ארויף,
און לעני מיט אים, נאָך אים, באַרג ארויף.

פון דער אַנדער זייט באַרג — אַ דאָרפישע כאַטע.

א שטרוי־דאך, א קוימען שלאגט שטענדיק מיט רויך.
און שטיבעלעך א סך, נידריקע, קליינע,
אויפגעשלאגענע פון ברעטלעך —
א סטאדע הייזלעך צונויפגעיאגטע פון ווינט,
טוליען זיך צום הויז.
דארטן וואוינט יאנעק מיט זיין מאמען, די אלטע יאהאנעכע.
זיין טאטע האט איינמאל אין א הגא־טאג זיך איבערגעפרעסן,
דעם אנגעפויזטן בויך ניט געקענט מערער האלטן,
איז ער ווי א דעמב געפאלן — קראפירט.
האבן שכנים פארשנאסקעטע פון הויז אים געטראגן,
צום גלח פון שטעטל פארפירט, אים דארטן געלאזן.
אזוי האט יאנעק זיין טאטן פארלארן.
באם לעבן האט יאהאן די פעלדער באארבעט.
קליין באלעבאטישקייט האט דער שניט זיי געבראכט.
נאר איצטער פוסטן די פעלדער פארלאזענע,
ערטערווייס גייט איין די ערד און שפאלט זיך ווי קארע,
אז עס וויינט דער אומעט פון אונטער די פיס.
דער מענטש אפן לאנד איז אבער פארוואָרצלט אין דער טיף,
און גייט ניט אראפ ווי דער פערד פון דער ערד.
האדעוועט דא יאהאנעכע גענז און הינער,
ציענדיק א שווער־דואיקע חיונה.
ציגן און קי פארן שטעטל צום פארקויף,
אין שטעטל דארט לעבט מען פון באשערט צו באשערט.
פאלט דער מאן — זאל ניט טרעפן ווי עס טרעפט,
דאן שטארבט די גאנצע משפחה מיט אים.
זינט יאהאנ׳ס טויט איז דא הנידה אין שכנות —
זומער בלאנקעט די סטאדע ארום אינם טאל;
ווינטער קומט דא הנידה פארברייננגען אמאל;
און דאס שטעטל פארגעסט ער אויף וואכן און וואכן.

יאנעק האט אריינגעפירט לעני׳ן אין הויז.

פרעמד, ניט זיכער, ווי אַ קעלבל צום ערשטן אויפשטעל,
איז לעני אים נאָכגעגאַנגען.
פון אפן פריפעטשיק האָט געשלאָגן אַ פעט געררך,
אַ געקעכץ וואָס מאַכט קלעפיק די לופט.
באַ דער טיר האָט יאַנעק אַ זשלאָקע געטאָן פונם עמער וואַסער,
אַ וואונק־טוענדיק לעני׳ן ער זאָל אויך טרינקען.
יאַהאַנעבע, זיצנדיק אויפן ערדענעם דיל
און אויסלאָזנדיק בעבלעך פון די שיידן,
האָט מיט גלייכגילט אַ הויב־געטאָן די ברעמען צו ביידן,
און אַ זאָג־געטאָן ווי צו זיך:—ס׳ווערט פארטיק דאָס עסן!
און צוריק אין איר אַרבעט פאַרזונקען.
אויפן וואַנט איז יעזוס׳עס בילד געהאַנגען,
נאַקעט, עלנד, פרעמד, פאַרוואָגלט,
מיט רו אין די אויגן,
ווי ער האָט שלום געמאַכט —
אַזוי אייביק צו בלייבן „גענאָגלט”.
פון זיינע וואונדן איז בלוט גערונען,
ווי ס׳וואָלט געוועזן נאָך פריש. . .
ווי מע וואָלט אים ערשט היינט אויפן קרייץ אָנגעשלאָגן.
ניטאָ איז די האַנט וואָס זאָל די וואונדן פאַרבינדן,
דעם דערלייזער דערלייזן,
דעם צער אין דער וועלט צו פאַרלינדן.
אַז דער וואָס גלויבט אין אים—האַלט עס פאַר אַ זינד.
אויגן מסוגל צו זען קלאָר —
פאַרגינען זיך צו זיין בלינד.
דער וואָס נערט מיט רשעות זיך,
ווייל ניט ווערן גאָט׳ס אַ קינד. . .
קין ווייל ניט הערן גאָטעס שטים,
ווייל הבל ראַנגלט זיך אונטער אים.
ברייננגט מען קראַנצן פאַר זיין קאָפ,
נאָר פונם צלם נעמט אים קיינער ניט אַראָפ.

נאָר מען איז מתפּלל רק,
און מען שלייפט, מען שאַרפט א האַק.
האָבן יעזוס'עס אויגן געקוקט אויף לעני'ן,
ווי אויף נישט איד, נישט גוי,
גלאַט אַזוי. . .

יאַנעק האָט אַרויסגעפירט לעני'ן צום גאָרטן,
א שטום־אידיש, געמישט מיט ליטוויש־ענגליש, האָט
זייער געשפּרעך געקניפּט.
אַרום דעם וואָס סע האָט גענומען בלענדן אַרום לעני'ס אויגן —
נאָך הענגען בּאָרן גרינע, האַרטע, מיט רויטע בעקלעך,
גרייט ביז אָנפאַנג ווינטער, פאַר'עקשנט צו בלייבן.
קוקן בּאָרן מאַיעסטעטיש אַרונטער צו די קירבעס,
וואָס ליגן נאָך שורות־ווייס, בייכיק נאַקעט.
געל זיינען די בלעטער שוין,
און קאַרג אונטער זיי זיך צו באַהאַלטן,
וואַרטן די קירבעס, ווי פון דער ערד אַרויסגעוואָרפענע.
דערנעבן — שוין לעצטע אוגערקעלעך רייפן זיך
נאָך גרין און שטעכיק,
וואַרטן אויף נאָך איין לבנה־נאַכט צו וואַקסן און קוועלן,
נאָך איין צאַפּל־טאָן זיך, א תיקון צו האָבן.
לעני שלעפּט זיך נאָך יאַנעקן, מיט א מויל אַן אָפּנס,
אויגן אויפגעריסן.
יאַנעק גייט פאָרויס א באָרוועסער—א שטענדיקער אינדערוואָכן,
און רעדט צו לעני'ן ווי צו זיך אַליין.
נעבן שטאַל האָבן ציגעלעך זיך פאַרמאַסטן מיט די הערנער,
האָט דער הערנער־קלאַפּ אויפגעוועקט די צויג,
האָט מאַפּסי פון ערגעץ אַרויסגעשטעקט דעם קאָפּ,
א ביל געטאָן—האַוו, האַוו—זאָל זיין שטיל. . .
— זי האָט ערשט זעקס פּודעלעך געהאַט,
האָט יאַנעק אַזוי א בורטשע געטאָן אונטער דער נאָז.

די ציגעלעך האָבן איינע די אַנדערע אָפּגעלאָזט
אַן פּאַרדראָס, כּלומרשט די הינטיקע געזוכט.
ווי זיי וואָלטן געזאָגט: וואָס! וואָס איז דאָס?
אַ חזיר האָט צעבראָכעט זיך הינטערן שטאַל,
אַקערנדיק מיט זיין שנוק:
אפשר האָט אַ „בולבע" פון אים זיך אויסבאַהאַלטן,
גראָבט ער אין דער ערד,
כראַמטשעט, בייזוערט זיך אינ'ם פרעסן;
און געפינענדיק גאָרנישט, מאַכט ער נאָך גרעסערע געוואַלטן.
„ציגן זייגען נאָר אין בראָנזוויל דאָ,
חזירים — אין מאַנהעטן" —
אַזוי האָט לעני פון זיין טאַטן אָפט געהערט.
אַז מע קען עק וועלט גאָר פיר־פיסיקע געפינען,
דאָס האָט לעני'ן ניט געלייגט זיך פריער אַפן זינען.
פון אַלע זייטן לאָזן זיך שטומע באַשעפענישן הערן:
מהו... און מעה... און האו, האו...
זיי לאָזן וויסן אַז זיי זייגען דאָ,
זיי צו באַגלייטן, זיי צו באַגריסן.

אין מיטן דער ערדענער שטוב איז דער טיש נאַקעט געגרייט,
מיט הילצערנע לעפל, אַ מעסער שפיגלט זיך חלב'דיק
צו דער שחיטה פונם שוואַרצן קלייען־ברויט,
און פון שיסל ווייסע פּאַרע זעצט.
זיצן יאַנעק און יאַהאַנעכע מיט די קעפּ אין די הענט געבויגן,
ווי אין עפּעס אונטערן טיש פאַרטאָן.
און לעני, אַרויסגעשטעקט פון זיי באַם טיש, זיצט — אַליין.
דער וואָס אַרבעט מיטן שוויים פאַר זיין ביסן ברויט,
דאַנקט זיין גאָט;
פאַר דעם אָבער ווען עמען סע פעלט קיין זאַך פון הימל אַראָפּ,
וועט פאַר גאָט אין תּפילה ניט איינבויגן דעם קאָפּ.
נאָר דער וואָס הענגט אויפן וואַנט קוקט איצט פון צלם

צו די קעפּ געבויגענע באַם טיש,
מיט זעלבן גלייגילט־רו אין די אויגן,
און — שווייגט.
ער ווייסט:
מע האָט צוריקגעבראַכט אים פונם קבר,
און די וואָס גלויבן אין אים אַצינד
האָבן אים פריער אָנגעשלאָגן אויף אַ קרייץ,
נאַקעט, ניט פאַרהילט, לעגענדאַריש אים פאַרשפּינט,
אַ גאָט — געצנדינערייִ ווי געוועזן—מכלומרשט נייִ,
נאָר פרעמד איז זיי געבליבן עד היום
די ירושה וואָס ער האָט באַ זיין פאָלק גע'ירש'נט,
און געטראָגן ווי זיין אייגן געבאָט צו דער וועלט.
די ניט־גלויביקע האָבן אין אים דערזען אַ נייעם גאָט,
נאָר פרעמדע געבליבן זיינען זיי צו זיין געבאָט.
מיט מורא פאַר זיין פּיצל אמת,
אויסגעזופּט דאָרט עפּעס וואָס אַ רמז.
ווייל אַ געטליך זין באַנעמען דאַרף מען זיך באַמיען,
און גרינגער פיל איז דאָס צלמ'ען און קניען.
אַ גענאָגלטער זאָל ער צו זיי אַ האַנט אויסשטרעקן,
נאָר זאָל, חלילה, מיט זיין בלוט זיי ניט פאַרפלעקן. . .
אפשר זאָל גאָר לעני אים פון קרייץ־בילד אַרונטערנעמען.
וואָס איז די נפקא־מינה ווער סע זאָל דאָס טאָן—צו וועמען?
לעני איז דאָך אַן אייניקל, און ניט קיין פרעמדער —
ער עולה־רגל'ט מיט זיין פאָלק אין דער וועלט
באַ שוועלן פון פאַרמאַכטע טירן.
קריאת־שמע פאַרטרייבט ניט דורך די נעכט די שונאים,
און דער מודה אני שלאָגט זיך דאָך אין טויבקייט אָן;
זאָלן זיי וויסן זיין אַז זיי אַליין האַלטן אָפּן אַלטע וואונדן,
און קיינער וויל די וואונדן היילן און פאַרבינדן.
אפשר וועלן די וואָס גלויבן אין אים זיך שעמען,
און זיך ניט ווערן ווען זייער דערלייזער

וועט די העק פון זייערע הענט צונעמען?
נאָר דער וואָס האַלט די האַק אין האַנט,
ווייס ניט פון קיין שאַנד,
ווי דער וואָס ברענט אַ צלם אויס אויף יענעמס שטערן
פילט ניט בכלל דעם בראַנד.
נו, לעני, וועסטו זיך פון טיש אַ שטעל טאָן?
אים פון קרייז אַראָפּצונעמען — אים זעצן נעבן דיר?
עסן איז דאָך דאָ פאַר צען, פּלאַץ — פאַר פיר.
ניין? רחמנות האָסטו אפשר גאָר אויף זיי!
זיי וועלן אויפהערן אַזוי פיל כאָטש אין אים צו גלויבן.
דאַרף מען וואַרטן ביז סע וועלן קומען
פון ערגעץ וואו צעפליען ווייסע טויבן,
צי עמיץ אַף אַן אמת׳ן, אַף אַ וואונק פון אויבן,
זאָל קומען אויף אַ ווייסן פערד, ווי אַ פייל פון בוינן,
און ברייגנען אונז דעם פאַרזאָג דעם לעצטן:
אַז ברודער זאָל ברודער שעצן,
און מענטש זאָל מענטשן גלויבן.
צי פאַלט דיר, לעני, גאָר נישט איין
דער שטות און פלאַפּלעריי — דיר דאַכט?
מע דאַרף קיין פערטן ניט — צווישן גלייכע דריי?

נאָכן מילך־געקעכץ מיטן פעטן פליישׁ,
האָט יאָהאַנעכע צום טיש דערלאַנגט בלוט־וואורשטלעך,
אָן זאַלץ, אָן טעם,
ווי לעבער וואָס דערמאָנט אַ מאָדנעם ריח;
און האָט מיט גרויער גרינקייט לעני׳ן נאָכגעקוקט,
ווי איר „דזשידקוס״ כשר׳ט זיינע ליפּן. . .
לעני האָט געקייט ווי אָן ציין,
געפּרואווט מיט זיך אַליין צו ווערן
פון דעם וואָס נעמט אין אים זיך איבערקערן.
ער שעמט זיך זייער זאָרגלאָז רו צו שטערן.

מיט פרום כוונה האָט דאָס יאָהאַנעבע איצט צום טיש געשטעלט,
און שפּעטער האָט זי צו דעם דאָ אויפן וואַנט געשטעלט זיך און
גע'צלמ'ט,
פרום און פּשוט, אינטים פאַרטרויט אים:
איך האָב דעם „דזשידקום" געגעבן קאָלבאַס עסן, טאַטושקו,
אַ פּוסטראַט נענטער אים געבראַכט צו דיר.
האָב דערפאַר אין זינען מיך:
זינט סע האָט מיין יאָהאַן קראַפּירט,
פאַלט שווער די אַרבעט מיר,
די פערד פאַלגן ניט אין שפּאַן,
און באַנאַכט אין בעט ניטאָ איז ער. . .
מאַטושקו, טאַטושקו! —
— — — —
די עטליכע בוימער באַרג אַרויף צום טאָל,
וואו די סטאַדע איז איצטער צעשפּרייט,
קוקן אוים ווי שירמס אין דער ערד פאַרשטעקטע,
און שיצן פון זון, פון רעגן.
דאָרט זיצט הנידה אָנגעשפּאַרט אָן שטאַם פון בוים,
מיט די קני אין די הענט, און הערט זיך איין
צו דער שטילקייט, פאַר'עקשנ'ט אין שווייגן.
דער הימל בלויט פאַר'חלומ'ט דורך צווייגן.
אין קדמונימ'שער דבקות אָטעמט די וועלט,
נאָר אין אים, הנידה'ן, לויפן איצט אַדורך,
ווי פלעדערמייז, גרויע, די יאָרן, און מאָנען.
אין זכרון גייט קיין זאַך פאַרלאָרן:
ער זעט זיך איצט ווי ער שפּראָצט מיט ענערגיע,
ער שפּרודלט, וויל זיין אַן ערשטער, אַ גרייטער,
דאָך האָט דאָס לעבן פאַרשאַרפט אים — אַ זייטיקס,
אין האַרצן אַ צעטראָטנס,
ווי ער וואָלט אין מאַמע'ס טראַכט נאָך
זיין איך געווען פאַרלאָרן.

ער געדיינקט נאָך דעם זיידן,
א רירעוודיקער פרייליכער סבצן,
נאָר צו אים, הנידה׳ען איז ער פרעמדלעך געווען,
אים צו זיך ניט צוגערופן,
האָט אים אויך פון זיך ניט געשטייסן.
זאָל הייסן: עלעהיי א פאָר שטיוול געפינט זיך דאָ,
וואָס קיינער קומט ניט אויסלייזן.
ס׳האָט זיין מאמע דערציילט אים:
„איבערנאכט איז זיידע געוואָרן א ווייסער,
א זקן, א גרייז, פארטייעט, פארטראָגן,
פארלאָרן דעם כח א זייל אָנצושלאָגן,
זיך גענומען צום פלעשל, „שנאַפסען" מיט גוים צוגלייך,
און געהוסט האָט ער פון פריער נאָך מיט א טרוקענעם הוסט.
דער דאָקטאָר האָט געוואָרנט: „ניט נעמען מער א לעק,"
נאָר דער זיידע, ווי זיך אויף־צו־להכעיס,
האָט געטרונקען א כוס נאָך א כוס,
געהוסט ביזן לעצטן בלויען הוסט,
זיך פארגאנגען און מער ניט דערהוסט".
הנידה איז דעמאָלט געשטאנען דערביי אין מורא און ציטער,
נאָר ער געדיינקט: ס׳האָט דער זיידע די לעצטע מינוט,
מיט דער האנט געגעבן א מאך, אז ער, אברהמ׳קע, זאָל אוועק
פון בעט. . .

שפעטער נאָך געדיינקט זיך הנידה׳ן:
אין הויז האָט גערודערט אַן רודער,
איז ער להכעיס געוואקסן אַלעמען אין וועג.
אפילו זיין מאמע האָט דורכן טאָג אים אָפגעשטויסן —
קלעק! גיי אוועק פון אונטער די פיס,
נאָר ביינאכט פלעגט זי אים טוליען, דריקן צום הארצן. . .
איז אים געווען דעמאָלט אזוי זיס, ווארעם ווי שוימיקע מילך.
זי איז געווען:

א צעאַקערט פעלד מיט זון און רעגן,
נאָר אָן זריעה — פון גאַרניט וועגן.
. . . אמאָל האָט זי עמיצן שטאַרק געליבט,
געפיבערט פאַרגלוסט דורך טאָג און נאַכט,
א חתונה־קלייד אפילו געניית,
מיט דער צאַרטקייט פון א כלה זיך געגרייט.
נו, האָט זיך צו איר גליק — א רגע פאַרפּרים. . .
א מינוט א שפּעטערע איז פאַרלאָפן א פריער.
„דער אומרו פון א „קלעק" האָט ניט וואַרטן געוואָלט. . .
איז הנידה פאַר דער צייט אין דער וועלט דאָ — ניט צייטיק.
איז איר האַרץ געוואָרן צעריזלט, באַליידיקט איר נשמה,
איר לעבן דערשטיקט ווען סע האָט אַזוי לעבן געוואָלט.
און וואָלט נאָר געגאָלטן, וואָלט זי דאָך לעבן געקענט,
איז אָבער בעטי געקומען אין צווישן,
מיט חנ׳דעלעך און נדן — איר לעבן צערים.
ער גדיינקט ווי זיין מאַמע שטייט מיט אים אין תלמוד תורה,
ווי א בעטלער אָן הענט, מיט בעטנדיקע אויגן,
פאַרדרונגען אין צער, ווי א שטומע אָן תפילה,
א פרוי, ווי א פעלד אין האַרבסט, שוין אָפּגעצופּט.
און פּלוצים האָט א פרייד זיך צעבליט אויף איר פּנים,
ווען מען האָט געהייסן לאָזן אברהמ׳קען אין חדר,
אין אירע אויגן האָט א קוואַל געטאָן מיט ליכט:
— גאָטעניו! הלוואי אויף לאַנג.
האָבן די קינדער אין חדר אים א נאָמען געגעבן הנידה׳קע:
אברהמ׳קע, האָבן זיי געטענה׳עט, איז שווער זיי צו זאָגן.
בפרט אין חדר איז שוין פאַראַן גענוג אברהמ׳קעס —
אברהמ׳קע ר׳ שימלס, אברהמ׳קע ר׳ געצלס,
ר׳ זיוועס, אברהמ׳קע דעם רבין ר׳ שעצלס —
איז זאָל ער הייסן הנידה׳קע.
נו, וואָס האָט געקאָנט זיי אברהמ׳קע דען זאָגן,
חוץ מיט זיינע מוסקלען וואָס שלאָגן? . . .

האָבן די קינדער אויפגעהערט קומען אין חדר.
ניט אומזיסט איז געווען זייער שרעק:
ער שלאָגט הנידה'קע, „זון פון א קלעק" . . .
איז זייער מורא געווען אזוי לאַנג, אזוי גרויס,
ביז ער, הנידה'קע, האָט געמוזט פון חדר אוועק.
האָט די מאַמע אין הויז אים א מלמד געדונגען,
משה שניצער, א טויבער — א קווימשער.
האָט די מאַמע געצאָלט, האָט משה געקנעלט,
אניט האָט ער צו קומען אים לערנען פארפעלט.
איז דאָך ניט הנידה אזוי ווי ס'איז באַם לעבן געווען דער יאָהאַן:
אז ס'האָט זיך אים אויסגעלאָזט דאָס געלט באַם טרינקען,
האָט די וועלט געדאַרפט כאָטש איינזינקען. . .
אז דער רבי וויל ניט קומען, איז ניט — איז ניין:
ס'וועט זיך דאָס שטעטל אָן הנידה'ס למדנות באַגיין.
איז הנידה'קע געוואַקסן, ווי אין גאָרטן — קראָפּיווע,
פארפעלט אויסגעריסן צו ווערן, באַם פּאָרקן פאַרבליבן . . .
פאַלט דער טוי, גיסט דער רעגן,
איז דאָס ניט פון זיינעט וועגן.
און אז א חזן איז געקומען אין שטעטל אין א מיטן דערוואָכן,
מיט משוררים א פּלעיאַדע, צו דאַוונען א מנחה,
זיינען זיי געווים ניט געקומען פון זיינעט וועגן.
ווען אידן קאָפּ אויף קאָפּ האָבן זיך אָנגעפּראָפּט אין שול,
און קינדער אריינגעלאָזן האָט מען נאָר מיטן טאַטן —
איז דאָס רעכט הנידה זאָל דאָרט ניט זיין?
האָט זיך הנידה אָן עצה געגעבן:
אין שול דורך א פענצטער געקראָכן.
ווען משה־לייב דער שמש האָט דערזען הנידה קריכן דורכן פענצטער,
האָט ער ווי א לייב א צערייצטער זיך צעברומט:
— דו א זוינער און אזוינער, איך וועל דיר. . .
איז הנידה געשפּרונגען דעם שמש אַנטקעגן אין שול אריין
און אויף א האַנט געפאַלן. נאָר ווער וועט באַ הנידה'ן וויסן?

„ס'איז גאָרניט: אביסל די האַנט זיך צעבראָכן, איז וואָס?"
איז די האַנט געשוואָלן געוואָרן, דורכן ארבל זיך געריסן.
און דער כאָר האָט געזונגען:
— אני . . . אני . . . עשיתי . . . ואני אשא . . .
— אני . . . אני . . . עשיתי . . . ואני אשא . . .
און דער חזן איז די משוררים פאַרלאָפן דעם וועג,
האָט זיין ניגון מיט זייערן זיך געמישט און געפּלאָנטערט,
ווי ער וואָלט פאַר זייער שירה אויפגעריסן טויערן,
און טראָגט זיך מיט זיי אין די הימלען,
און די עדה אידן טראָגט זיך מיט . . .
הנידה, אין ווייטאָק, ווי אים איז באַשערט,
האָט אָבער דעם כאָר און דעם חזן געהערט.

אזוי איז הנידה דורך די יאָרן געוואַקסן,
א שטעטלשער—אייגענער, אָן אייגענער—פרעמדער.
מיט גוים „פאַר דו" אין שענק און אין מארק,
געראַנגלט מיט זיי זיך, אין גבורה געמאָסטן,
ווי בערן געקייקלט, צו זיינע פיס זיך געוואָרפן.
מיט אידן אָבער — ווערטער געזיפּטע און קאַרגע:
ר' שלמה, ר' ברוך... פון געוויינהייט דעם וועג אָפּגעטראָטן פאַר זיי.
און אַז זיי האָבן אים ניט אויפגעהערט רופן הנידה,
האָט ער מער שוין דעם פויסט ניט פאַרקנאָטן.
און אַז אין מארק האָט זיך צעיושעט א ווילדע בהלה,
סע האָבן שיכורים אין מארק זיך צעשפּילט,
האָלאָבליעס פון פורן גענומען באַפרייען,
מיט שטיינער א האָגל — שויבן געבראַזגעט;
האָבן קרעמער, צעשראָקענע, לאָדנס געריגלט,
טירן געשלאָסן,
צעלאָפן ווי מייז זיך באַהאַלטן, פאַרשטעקטע ווי קרעט,
און זייער האָב געלאָזן אויף הפקר צום פּלינדרער —
דעמאָלט האָט הנידה אין מארק זיך באַוויזן,



קען דאָך ניט זיין אברהמ'קע זיין נאָמען,
סע זאָל געשען צו זיינע אידן פאָגראָמען?!
האָט אברהמ'קע א וואונק געטאָן זיינע אייגענע גוים,
האָבן זיי זיך אין מארק צעכוואַליעט, ווי ווילדקייט פון ים,
אייזערנע דראָנגען פון פייעס אייזן געשעפט
האָבן זיך צעשוואונגען, געדרייט אין א ראָד —
אָן אייזערנער ראָד דורכן מארק,
און הנידה — די אַסס . . .
האָבן פויערים און פערד צעלייגט זיך,
ווי קופּעס ערד — קופּעס ערד.
האָט הנידה געדרייט זיך, געוויכערט,
ביז דער מארק איז געוואָרן צערונען,
פורן צעלאָפן, צו די דערפער אנטרונען,
ווי מייז צו די נורעס.
מארק איז, ווי שפּיגל, געוואָרן פארשטילט,
ווי נאָך א שרפה פארלאָשן א פלאַם.
נו, האָבן אידן צוריק געעפנט די קראָמען,
נעקלאַפּט הנידה'ן אין פּלייצע דערפאַר,
געשמייכלט צו אים—צווישן דיינע גוים ביסטו, הנידה'קע, א גבר...

אז לוקאַס דער פּאַסטוך איז דאָרט אויך דעמאָלט געווען
צווישן די וואָס האָבן געבראָכן די שויבן,
האָבן דאָך די קרעמער אוודאי געזען.
איז ווי אזוי זאָל מען טרויען א שונא צו היטן די סטאַדע?
האָט איינער גע'עצה'עט—ס'איז א שכל אוודאי,
אז הנידה זאָל . . .
נאָר אײדער יענער האָט פאַרענדיקט זאָגן,
האָבן אַלע מסכים געווען: אוודאי! אוודאי!
הנידה א פּאַסטוך, ווי געבאָרן, געמאַסטן.
וואָס איז? אים מעג אָנשטיין דער יחוס,
זענען דאָך אידישע פּאַסטוכער מלכים געווען . . .

הנידה קען איצט די אלע זאכן זען, זען און פארגעסן.
וואס דען? אים איז עפעס ניט דאס.
שוין לאנג אז עס עגבערט אין אים א פארדראס,
כאטש ער ווייס שוין איצט ווי אזוי און פאר ווען
אברהמ'קע איז געווארן הנידה,
און הנידה איז געווארן א פאסטוך.
דאך פרעגט זיך אים נאך אלץ נאך פארוואס,
און פאר וועלכע ניט באגאנגענע זינד,
איז משה לייב דעם שמש טעכטערל
אין שטענדיקן ברוגז אויף אים?
פון קינדוויים אן געדיינקט ער זי:
רחל'ע!... מיט א שמייכעלע וואס דערפרייט און וואַרעמט,
שיינט ווי די זון נאך א רעגן,
נאר פון זיינעט וועגן פארדרייכערט זיך
אין אירע אויגן א שטרענגער בליק,
האלט אים דערווייטערט, שטויסט אים צוריק.
ניט איינמאל האט זיך אים געדאכט,
ער וואלט געקענט די הויט לאזן שינדן זיך,
פאר אן אנדערן פארבייטן,
אויף שטיקער זיך צערייסן — זאל זי זען:
זיין הארץ נאקעט איז, צעבלוטיקט,
און אפשר וועט זי אויפהערן אים פון זיך פארשטויסן.
נאר וואס איז דא צו רעדן:
א שווארצע קאץ טרעט ניט אפ פון צווישןביידן.
אין הנידה'ן דרינגט א טיף פארדראס,
דרינגט ווי ווארצלען אין דער ערד;
און סע וויינט אין אים:
רחל'ע! רחל'ע!
פארוואס וויגן זיך זיינע פיס קעגן אירע אויגן?
אין אירע שווארצאפל אזויפיל פרייד,
אזויפיל הנאה און גליק און רו,

אז פארהערלעכט ווערט ער קענן איר . . .
און אלץ וואס קען זיין הייליק
נעמט צעטליען זיך אין אים;
און אלץ וואס קען פארשעמען נעמט זיך דערוויטערן פון אים.
ער וואלט יענע מוידן שוין לאנג געשיקט אין כף הקלע,
זיי ניט ארויפגעלאזן אויף זיין שוועל . . .
צי וואלט דען ער, אברהמ'קע,
מיט גוים שיכור'ע געהאט צו טאן?
נאר אז הנידה הייסט ער, א פאסטוך איז ער,
און רחל'ע, זי ווייסט אפילו ניט,
אז ער האט איר עפעס וואס צו זאגן . . .
ווי זשע קען ער זיין דער וואס זאל פאריאגן
דעם שיכור און די מוידפארטרייבן?
ווער זשע וועט אים בלייבן?
פון פוסינעם וואלד דערטראגט זיך א געזאנג:
„ברידער און שוועסטער פון ארבעט און נויט".
שטייגט דאס געזאנג מיט מוט און מיט גלויבן,
אלץ נעענטער, אלץ שטארקער און העכער,
און טראגט זיך אוועק צו שטעט און צו צענטערס,
שליסט זיך אין כאר מיט גלויביקע קעמפער,
וואס גייען מיט פאנען, פלאקאטן, אויף גאסן און סקווערן,
און שטארבן ווי העלדן, מיט שבועה אויף ליפן,
ווי קדושים מיט „שמע ישראל" אויף קידוש השם.
פון פוסינעם וואלד דערגרייכט דאס געזאנג:
„אלע וואס זיינען צעזייט און צעשפרייט,
צוזאמען, צוזאמען — — "
פארוואס איז הנידה ניט דארטן מיט זיי?
„פון קלאסן — די מאסן, אין ריי"
די פאן וואלט ער געטראגן, טראציק, מיט שטאלץ,
דעם פריסטאוו להכעיס, דורך שטעטלשע גאסן;
געדונערט וואלט העכער פון אלע זיין שטים,

און רחל'ע וואָלט געגאַנגען נאָענט נעבן אים.
אויך זיי אָבער באַהאַלטן זיך, מיידן אים אויס,
גלויבן ניט אין גאָט ווי זיי גלויבן אינם מענטשן,
דאָך אים, הנידה'ן, גלויבן זיי ניט.
כאָטש ער האָט זיך זיין שיקזאַל אַליין ניט גענומען,
זיין לעבן איז אַזאַ און אַזעלכעס אים געקומען —
ער ווייסט, סע גייט זיין וועג איצט מיט זייערס פאַרנאַנדער,
נאָר וועגן קרומע, פאַרדרייטע טרעפן זיך אָן
ערגעץ, אין זיג־זאַגיקן וואַנדער.

דערווייל זיינען שטעלשע אויגן ווי שפּיציקע נעגל,
צונגען־גלעקעלעך, פלאַפּלען, ווי פרעש בא די קוואַלן, שילטן.
טראַכט הנידה דורך עקזאָטישע באַגערן,
ראַנגלט זיך אין זיין געמיט ביז פאַרצערן.
— סע טרעפט אַמאָל: אַ שול ברענט.
און דער שמש פאַרלירט זיין שמשות.
אַ פאַסטעך ווערט אויס פאַסטעך.
און אַז גוים צעיושען זיך, באַפאַלן אַ שטעטל,
רייסן בערד, יאָגן זיך נאָך יונגע פרויען:
רחל'ע! וועמען וועסטו יעמאָלט טרויען?
וואָלסטו גיין מיט מיר אין דער וועלט אריין,
דאָרט וואו הנידה גייט פאַרלאָרן... און אברהמ'קע געפינט זיך?—
נאָר ער, הנידה, אין אַ טיפן טאָל:
ער רופט צו איר, און דער ווינט פאַרטראָגט זיין קול.
אזוי איז הנידה געזעסן און געטראַכט.
באַם אָקרענט געזונקען האָט דער טאָג.
אין רויטן באַדויער, אין גליווער פון טרויער,
האָט דער חלל זיך גענומען אָנפילן מיט נאַכט.

ח. ל. סיימאָן

# אחדים טויט

שטראַלן האָבן זיך געזױפט ווי דורך קאַלך־פּאַרע,
אויפגעוועקט דאָס שטעטל מיט אַ בליאַסק אין די שויבן.
דעכלעך און געסלעך, מאַרק און קראָמען
זענען געווען איינגעטונקען אין העלן שימער.
יענעם טאָג איז אַריינגעפאָרן אַ וואָגן האַלב געפילט מיט היי,
יוסף זאָגער׳ס וואָגן.
פאַרזשמורעטע גוים אויפן קעלניע,
פערד קריכער —
האָבן די רעדער זיך פויל געקייקלט אויפן שאָסיי דורכן מאַרק,
צום שול זיך פאַרקערעוועט און נעבן שול געבליבן שטיין.
האָט פון פור אַרויסגעקרעכצט אַ פאַרשטיקט און פיינליך „אַי!״
אַ מענטשלעך ראַנגלען זיך מיט זיך, אין ווייטאָג.
נייגעריקע מענטשן האָבן זיך אַרומגעשטעלט,
האָט זיך אין אַן אויגנבליק אַ געזעמל אָנגעקליבן,
מיט די אויגן געשפּיצט אין וואָגן אַריין.
און געשטיגן איז אַן אומרו, אַ נאָכפרעג איינער באַם אַנדערן.
די גוים האָבן אַ מרוקע געטאָן רואיק—זייטיק,
ווי סע וואָלט זיי צעפאַלן אַ בינטל היי . . .
— נו, אָט אַזוי געווען: איז אַריינגעפאַלן.
האָבן מענטשן געשלונגען זייער אויסגעשריי,
ווי דורך שטאַכעטן וואָלט אַ שטורם געקלאַגט זיין געוואַי.
אַ פּאָר אידן האָבן זיך רירעווודיק גענומען באַוועגן,
און באַם ערשטן צוריר צום וואָגן,
האָט זיך אַ טיפער קרעכץ פון איבערמענטשלעכע יסורים דערהערט.
האָבן זיך די אידן דורכגע׳עצה׳ט, זיך איינגעטיילט,
און פאַר די הינטערשטע ברעטער גענומען רירן, שלעפּן,
צוזאַמען מיט היי באַפרייען פון וואָגן,
און טראָגן מיט גרוים פאַרזיכט אין שול אַריין.
די גוים זיינען צוריקגעקראָכן אין קעלניע,

און מיט פארגליווערטן באדויער
האָט איינער פון זיי גענומען בורטשען:
— א שאָדן, אַ מאָדנער דזשידקוס געווען, אַזאַ שטילער.
אליין קיין שנאפס ניט גענומען ווען סע פאראַן אַזוי פיל,
און יענעם געהיט — טאָמער לאָזט מען זיך וואוילגיין.
— זע נאַר! — האָט דער אַנדערער פאַרזשמורעט דערערדט:
די זודיקע בראַהע האָט אים אפילו דאָס מויל ניט געעפנט.
ניט געלאָזן אַ שריי טאָן.
נאָר געבעטן זיך פירן אין סינאַגאָגע.
נו, געבראַכט אים אין שינאַגאָגע.
— יאָ, אַ מאָדנער דזשידקוס.
האָבן זיי געבויגן די קעפּ אין באדויער, זיך איבערגע'צלמ'ט,
און אויף די נאָכפרעגן פונם עולם
האָבן זיי געענטפערט מיט אַ שטומען קוק . . .
זיך אין קעלניע איינגעאָרדנט,
אַ שמיץ געטאָן די פערד,
און דער וואָגן האָט גענומען סקריפּן.

דר. גרוזד האָט דאָ אין זיין הויכקייט זיך באוויזן.
זיינע גרויע אויגן האָבן רואיק אַ פאָרש געטאָן אינם עולם,
און שנעל האָט ער אריינגעאיילט אין שול אריין.
פונם עולם זיינען עטלעכע אידן געדרונגען צום טיר —
מיטן דאָקטאָר זיך געוואָלט אדורכשפּאַרן אין שול אריין,
נאָר עמיץ פון אינוועניק האָט געהאַלטן די טיר צוגעמאַכט.
זיינען זיי פון געדראַנג געלומפּערט צוריקגעטראָטן.
— זלאַטקע נעבעך! — האָט עמיץ אַ מורמל געטאָן מיט אַ קרעכץ.
— דאָס האָט איר נאָך געפעלט.
— ווייס איך — האָט זיך אַ קרים געטאָן אַ רואיק קול.
— זי וועט אריבערטראָגן, אריבערטראָגן.
— ס'איז אַ לעבן באַ זיי פון מאַן און ווייב, אָדער וואָס?
— באַ זיך אַליין אַ שבת באַשטעלט.



— באַ זיין אייגענעם אומרו איז ער באַלעבאָס.
פּלוצים האָבן זיי זיך גענומען פאַנאַנדערשאַרן,
ווי צוויי ווענט זיך נורנדיק איינער צום אַנדערן,
ווי שעפּסן פאַר אַ בלייץ.
— דער רבי גייט! — האָט אַ שעפּטשע געלאָזן וויסן.
— דער רבי! !
— ר׳ שמחה׳לע! ר׳ שמחה׳לע קומט! . . .
די טיר האָט זיך געעפנט, דר. גרוזד איז אַנטקעגן געקומען,
זיך העפלעך פאַרנויגט פאַר ר׳ שמחה׳לען,
בלייבנדיק שטיין אין אָפענער טיר.
— איך האָבע קיינע הילפע ניכט, הער לאַנג . . .
— אים בלויז באַטויבונג געגעבן.
און מיט אַ מאַך מיט דער האַנט פאַרענדיקט:
— נו, זאָל דער עוויגער פון יודען העלפען. . .
ר׳ שמחה׳לע האָט זיך טיף איינגעהערט,
געענטפערט מיט שווייגן.
און באַלד אריין אין שול.
דער עולם האָט דערפילט אַז מיט אחד׳ן איז שוין גאָרנישט פשוט:
— אל תפתח פה לשטן, טאָר מען אין פולן אויפן מויל ניט ברייננגען.
האָט איצט איינער איבערגעגעבן דעם אַנדערן:
אחד האָט זיך אַ גליטש געטאָן נעבן קעסל ספּירט.
— אריינגעפאַלן אין דער זודיקע בראַגע.
— אָפּגעקאָכט אַזוי —
— אַז באַהיט זאָל מען ווערן, גאָטעניו.
— ר׳ שמחה׳לע אַליין איז דאָ אויך מיט אים איצט?
— ר׳ שמחה׳לע! אויך דאָ געקומען?
— אי, אי, אַ חסד, אַ חסד! . . .
— — — — —

לעני איז דאָ ערשט געווען,
געפּרואווט זיך דורכרייסן דורך דעם אַנגעלאָף,
אַ בליץ־געטאָן מיט די אויגלעך, און ניט געוואָרן;

און אַט פירט ער שוין זלאַטקען פאַרן האַנט,
אַן אומבאַהאָלפענע, פּרובירט זי עפּעס צו באַנעמען,
דרינגט צום טיר, פרעגט מיט די אויגן בא לעני׳ן.
— באַ־באַ־ ע־הע, האָט זי קוים פון קעהל אַרויסגעשטאַמלט.
א צעשראָקענער האָט לעני געשטאַמלט צו איר:
— אָנקל איז געהוירט. . . סיריעזלי הוירט. . . גיי אַריין.
— גיי אַריין, טאַנטע.
נאָר די טיר האָט פאַר זיי אויך ניט געוואָלט זיך עפענען.

דורך דער נאַכט איז אין שול געווען ליכטיק.
אידן גרויע האָבן געמורמלט תהילים,
ווי נאָר פאַר זיך אַליין צו הערן.
אחד, אין אַ קאָמאַ, איז אויף שטרוי געלעגן,
און אפשר. . . איז געהאַנגען אין דער לופטן. . .
אומבאַוועגליכע שאָטנס זיינען אויף די ווענט געלעגן,
ווי שוואַרצע גרויסע הענט. . . גרייט די פינגער צו באַוועגן. . .
און וואַרטן אויף דער שעה,
צו קענען זיך צעציען, צעשפּרייטן,
און נעמען אין קלעם עפּעס ריזיק־גרוים,
פאַרשלעפּן מיט זיך אין טיפער פינצטער.
פרימאָרגן איז געקומען, ווי אַ גומענע פאַנטאָפל —
א גרוי־בלויע שיין האָט גענומען דרינגען דורך די פענצטער.
מיד האָט זיך געהערט דער תהילים־מורמל,
ווי דאָס זשיפּען פון אַ ליכט באַם אויסגיין.
פּלוצים האָט זיך דערהערט אַ פּיינליך קרעכצן פון אויפן דיל—
נאָכבאַגלייט פון אַ מורמל, אַ מורמל פון טיפן ווייַ,
העכער און נענטער ביז געבעט און אויסגעשריי.
די אידן האָבן זיך מיט פאַרזיכט גערירט,
שטיל, ווי ניט אָנרירנדיק די ערד, זיך דערנענטערט.
איבער די ווענט האָבן זיך די שאָטנס שטום צע׳דוכנ׳ט,
מיטגייענדיק מיט די אידן צום פאַרשאָטענעם אין שטרוי.



אחד׳ס פּנים איז שוין געוועזן בלוי — פאַרקראַמפּט,
דאָס מויל פאַרקלאַמט: אַ דאַ־ניט־דאַיקער.
די אידן האָבן זיך איבערגעקוקט
מיט בליקן, וואָס פרעגן זיך נאָך אויף אַ סימן לעבן,
נאָר באַלד האָבן זיי זיך פאַר׳חידוש׳ט:
ס׳האָבן אחד׳ס ברעמען זיך גענומען באַוועגן,
ווי פון צוואַנגען זיך אויפרייסן,
מורמלען עפּעס אומקלאָר, ווי פון טיף און ווייט אַרויס;
און דאָס מורמלען חזר׳ט זיך עפּעס איבער,
ווי ער וואָלט זיך ווערן פון עמיצן,
עפּעס זאָגט ער זיך אָפּ: — ניין, און ניין.
די אידן האָבן זיך לאַנגזאַם דערנענטערט,
פאַר׳חידוש׳טע זיך איינגעבויגן צו אים,
גענומען פרעגן אים:
— ר׳ יצחק! וואָס — ניין — וואָס ווילט איר ניט?
— האָט איר בדעה אונז עפּעס זאָגן?
זיין גרימאַסע האָט זיך נאָך מערער פאַרקרימט,
שווער האָט ער געאָטעמט, און געמורמלט אין גראַנגל:
— ניין, ניין, האָט ער ווי באַקלאָגט זיך.
— זיי . . . זיי ווילן איך זאָל אים מיטנעמען.
— מיטנעמען? מיטנעמען — וועמען? ר׳ יצחק!
די אידן האָבן זיך איבערגעקוקט,
און דרינגלעך גענומען צושטיין צו אחד׳ן:
— פרוווט אונז זאָגן, ר׳ יצחק, וואָס?
— ווער וויל איר זאָלט מיטנעמען? וועמען מיטנעמען?
אחד האָט גענומען פאַלן אָפּטער אין אַ קאָמאַ.
מינוטנווייס איז ער וואַכיק געוואָרן,
ווי אַ טרינקענדיקער קומט אַרויף איידער ער ווערט פאַרטרונקען;
אַזוי האָבן זיך געעפנט זיינע אויגן און פּלוצים געוואָרן פאַרשוואונדן.
אַלץ שטילער ווערט זיין שטימע און מידער זיין מורמל,
און ווי פון טיפער ווייטקייט הערט זיך איצט:

— משה קרובעלניקס בחור. . . האָט אחד געטאָן אַ פאַרשטומטן שטאַמל.
דאָס לעצטע וואָרט קוים דערקאַנטשעט,
ווי עמיץ וואָלט אים באַם האַלז געוואָרגן,
ניט דערלאָזט ער זאָל מערער רעדן.
זיין קערפּער האָט זיך רירן גענומען, הויבן זיך,
און זיך אַראָפּגעלאָזן ווי פון אַ הויך געפאַלן;
און געבליבן ליגן ווי אַ פאַרשטאַרטער.

אין שול איז די שטילקייט פאַרגליווערט געוואָרן,
ווי אומזעאיקע פליגלען וואָלטן איצט אוועקגעפלאַטערט,
און ווייטער ווייט פאַרשוואונדן.
די אידן האָבן מיט ציטערדיקע פינגער
איבערגעדעקט אים מיט אַ טלית,
איבערגעקוקט זיך לאַנג און מיסטעריעז,
און ווי אָן ווערטער צונויפגערעדט זיך:
אָנגעהויבן תהילים זאָגן.
זייער טרויעריקער ניגון איז ציטעריק געשטיגן,
קלאַנגען האָבן זיך געטראָגן דורך פענצטער און ווענט,
אָנגעזאָגט די טרויעריקע בשורה.
דורכן פענצטער איז געדרונגען אַ בלוי־גרויע ליכטיקייט;
און גענומען צעטרייבן פון די ווענט די משונה'דיקע שאָטנס,
ווי הענט מיט פויסטן פאַרקלאַמטע . . .
די רחמימטע האָט נאָך נעכטן געבראַכט זלאַטקען צוריק אין הויז,
ווי אַ בעזים געבראַכט פון מאַרק — פאַרשטעלט אין ווינקל.
איז געזעסן זלאַטקע אַליין, פאַרטונקט אין איינזאַמקייט,
ווי דער ים וואָלט איר צום ברעג פאַרשווינקט.
געזעסן אַ פאַר'חלש'טע —
נאָר עפּעס האָט געאומרוט אַן אומרו אין איר געמיט:
דאָס לעבן האָט איר געגעבן אַ שאַרפן שניט,
כאָטש קיין בלוט באַווייזט זיך ניט.

מיטן ערשטן שפּראָץ אויף טאָג,
איז לעני שוין געווען אין שול —
אָן מניעות האָט מען אים איצטער צוגעלאָזן.
אויפן דיל — איז זיין אָנקל געלעגן אַ פּאַרדעקטער,
ווי ס׳וואָלט אַ כהן אונטערן טלית פּאַרגליווערט געוואָרן אין מיטן
דוכנ׳ען.
ליכט האָבן נעברענט אין זאַמד געשטעקט,
די פלאַמען האָבן געקרייזט אַ ברענענדיקן צאַם,
פּאַרפּליכטיקט אַ ווינקל הימל אויף דער ערד:
אחד׳ס ווינקל!
דאָס תהילים שעפּטשען האָט זיך קוים געהערט.
בערד האָבן גע׳מעלה-גרה׳ט, גע׳טובל׳ט אין דער טונקלקייט.
פון לעני׳ס אויגן האָט שרעק ארויסגעקוקט:
ער איז געשטאַנען אַן אומבאַמערקטער,
אַ פרעמד־איבעריקער, פּאַרבלאַסט און פּאַר׳צער׳ט.
אין גרויסן בית מדרש צו שחרית,
האָט אַ פּאַרשטיקט טומלען געמיניעט זיך,
ניט דערשלונגענע ווערטער האָבן אומגעוואַנדערט,
ווי מע האָט זיך דערוואוסט פון דאָס ניט גערעדטע.
סע איז ערב׳דיק.
ר׳ שמחה׳לע שטייט אין ארון קודש ווינקל,
ווישט זיך מיטן טיכל: ווי ס׳וואָלט געוויינט זיין שטערן.
זיינע אויגן — פלעמלדיק פּאַרכמורעטע,
זיינען דאָס מאָל ווי אַ בליץ דורך רויך.
אין טיר האָט זיך באַוויזן דער ראש פון חברה קדישא,
דער ברייט-ווייס-באָרדיקער אבא כוואַט.
מיט ווייגנדיקע הענט, מיט כאַליאַוועס צעשוואָומענע,
האָט ער געסלוזשעט מיט ברייטע טריט צו דער מזרח-וואַנט.
זיינע פּערל-גלאָזיקע אויגן פון אונטער ווייסע ווילדע בערשטלעך
ברעמען,
האָבן זיך געשפּיזט צו ר׳ שמחה׳לען.

און שטיין איז ער געבליבן נים ווייט פון רבי׳ן, אַן אומרואיקער,
מיט שווערן יראת הכבוד.
אויגן האָבן אים נאָכגעקוקט, געפרעגט און געענטפערט —
דאָס דאַווענען האָט שוין געהאַלטן באַם סוף.
טייל עולם האָט נאָך מורמלנדיק אָנגעפאַנגען אַראָפּנעמען תפילין;
טייל האָט זיך גענומען שאַרן, דערנענטערן צו אבא׳ן.
און אבא איז געשטאַנען מיט ווערטער אויף די ליפּן ביז
ר׳ שמחה׳לע האָט זיך אומגעקערט פון מזרח וואַנט,
אַן אויפגעבליצטער, אָנקוקנדיק דעם עולם.
שטום — און ציטעריק לאַנג
זיינען די אידן שטיין געבליבן אין מיטן גיין,
מיט אָפּגעשטעלטע אָטעמס, מיט נייגער און דערוואַרט:
געקוקט אויף אבא׳ן, אויפן רבי׳ן.
אַ בשורה איז געהאַנגען אין דער לופטן:
און אָט פאַלט זי אויף זיי אַראָפּ.
אבא האָט זיך פון צווישן דעם עולם אַרויסגערוקט,
ווי סע וואָלט אים עמיצער צוריקגעהאַלטן,
ווי ער וואָלט מיט זיך אַליין זיך גע׳ישוב׳ט,
און באַלד גענומען הכנעה׳דיק שטאַמלען:
— — יאָ, רבי!!
— — ער! — נעמט מיט זיך מיט . . . שמואל׳קען . . .
אבא איז געבליבן שטיין מיטן אָפענעם מויל,
און די שטילקייט האָט פאַר אַ ווײַלע גערעדט.
דער רבי איז צוריקגעטראָטן,
זיך אָנגעלענט אויפן שטענדער, אין זיך פאַרהוילן . . .
אַן אומרואיגקייט האָט זיך געגרייט אויסצופּלאַצן.
נאָר באַלד האָט זיך ר׳ שמחה׳לע אויסגעגלייכט,
מיט פאַרמאַכטע אויגן גענומען ריידן,
ווי צו אַלעמען אָדער צו קיינעם נים:
— — אבא! — — — — — — —
- - - — — זאָל זיין אַ טאָפּעלטער קבר.

— — — א מחיצה אין מיטן . . .
— — —קיין הספדים ניט.
— — — ערב שבת! ערב שבת! . . .
און ווי ער וואָלט איצט א ברכה געמאכט,
האָט ר׳ שמחה׳לע פארטרוילעך געמורמלט:
— אין זיין זכות האָבן מיר א קיום געהאט . . .
— ניט געטאָרט וויסן וואָס מיר וויים . . .
ער האָט שטיל אָנגעקוקט די עדה אידן,
און מיט בליקן וואנדערנדיקע האָט ער פארענדיקט דאָס ניט־
דערזאָגטע . . .
אבא האָט ווי פון שלאָף זיך אויפגעכאפט,
שטיל גענומען רופן:
— קומט, אידן, א מת מצוה!
— א זכות זיך צו משתתף זיין, א זכות, זאָגט דער רבי, א זכות. . .
אין שול האָט אויפגעטויכט א גערייד און א געדראנג.
מען האָט זיך דערוואוסט: אז שמואלקע—דעם קרובעלניק׳ס,
דער וואָס מיט דער „פאליקע" איז היינט ווידער געפאלן,
און — . . . אחד נעמט אים מיט זיך . . .
וועלן זיי מקבר ווערן אין איין קבר . . .

פארנאכט:
די זון בלענדט באם ראנד פון דער ערד,
א טיר א רונדע . . .
שפּאַרט דורך די ליכטיקייט פון הינטער די הימלען,
וואו עס בליצט דער יום טוב פון אייביק טאָג.
ציען זיך פון בית עולם אן עדה אידן,
ווי א סטאדע שעפסן אין פורפור און גאָלד.
לעניקע גייט ווי א פארבלאָנדזשעטער
צווישן אלעמען — אליין.
טעמע פירט זיך מיט זלאטקען,
ווי א מענטש וואָס טראָגט זיך מיט זיין הויקער.

זלאטקעס נײ־קלײד איז געבליבן גאַנץ,
אָן א קריעה־שניט —
זי האָט דאָס מעסערל צו זיך ניט צוגעלאָזן.
אירע אויגן האָבן ניט געוואוסט צו באַפײכטן א טרער.
ס'האָט נאָר פון אַלטן פונדאַמענט אין הויז
ארויסגעקײקלט זיך נאָך א שטײן,
ניט מער.

ארום ר' שמחה'לען קרײזלען זיך אידן באַלעבאַטים;
טובל'ן זיך זײערע בליקן אין אים, פארשטילטע און גרײטע.
ווארטן, ווארטן:
דער רבי! דער רבי זאָל ווינקען מיט זין און מיט וואָרט.
לאַנגזאַם איז ר' שמחה'לע געגאַנגען אין רעיונות פארשוווינן,
ביז דער בית עולם איז הינטער זײ פאַרבליבן,
און דאָס שטעטל האָט זיך גענומען נענטערן.
אָט דעמאָלט האָט ר' שמחה'לע גענומען רײדן:
סודות'דיק, פארטרױליך, ווי צו זיך, נאָר אַלע האָבן געהערט:
— א פּענצטערל איז פאַר אים תמיד געווען אָפן . . .
אין קיום העולם א חלק געהאַט.
קומען איצט אָן געסט אויף שבת, דורך אַן אָפענער טיר,
שבת, צו האַלטן שבת — —
ס'האָבן אויערן געהערט און אויגן האָבן געזען —
ס'איז ניט קײן לעגענדע, אַזוי איז געווען.
די עדה איז שלווזשענדיק צום שטעטל געקומען.
ליכט האָבן געוואָרט שוין אין די לײכטער,
געצונדן צו ווערן, צו ווערן געבענטשט.
בלענדן אויגן אין זון־אונטערגאַנג.
ס'קען זײן: זײ זעען! אחד'ן מיט שמואל'קען
העט דאָרטן טוקן זיך אין פּורפּור־גאָלד,
אײלן זיך צום ראַנד פון דער אָפענער טיר,
פון וואַנען סע שטראַלט זײ אנטקעגן מיט יום טוב,

און זיי פאַרגייען אין בלענד פון אַלע ראַנדן.
שפּראָצן פלעמעלעך אין שויבן,
טוקט זיך שבת אין די אויגן.
גייען אידן איינגעבויגן —
און אין גרויסן גאָט זיי גלויבן.

## אין חדר

די זון האָט העכער, ווייטער זיך פאַרקליבן,
און אָפּגעקילטע שטראַלן האָבן גענומען גרייכן אינ׳ם שטעטל.
גרינע בלעטער האָבן זיך קופּערדיק געשמידט,
ביז די קופּערדיקייט איז פאַרגעלט געוואָרן.
זענען בלעטער געפאַלן,
ווי סע וואָלט זיי אַ האַנט געצופּט און אָפּגעפּליקט,
און יעדער טאָג אַ גרינעם וואָאַל אַראָפּגעוואָרפן,
בוימער אויסגעטאָן.
זאַמדן האָבן זיך מיט ווינט געטראָגן,
שטיפעריש דעם זומער נאָכגעטראָטן,
אָדער געטאַנצט דעם אָסיען שוין אַנטקעגן.
אַרום דער תלמוד תורה שווירבלען קינדער,—
מיט רעש, מיט געפּילדער לעבט אויף דער נייער זמן.
פּלאַטערן ווערטער דורך דער לופט:
„תנ״ך! גמרא!
„קיינענאַרע! קיינענאַרע!״
אַ חדר איז אַ טראָפּישער גאָרטן,
אפילו ווינטער זאַפּן אין זיך איין קעפּעלעך, ווי קנאָספּן.
אין חדר אַז אַ קינד ווערט געבראַכט דאָס ערשטע מאָל,
רוקט ער זיך אַ צעשראָקענער צו אַ ווינקל,
נורעט זיך אין זיך כסדר,
ראַנגלט זיך מיט זיינע געשלאָסענע ליפּן,
ליפּן וואָס פון זיי קען מאָרגן אַ קול זיך טראָגן,

א ניגון זיך אויסזינגען, א געזאנג פול־אומעט,
זיך וועקן, אויסוויגן.
לעני פאלגט נאך די רחמימ׳טע,
ווי א לעמעלע פאר דער שחיטה.
דער מזבח וויכערט זיי אנטקעגן מיט צעשאטענע פאלעס.
דאס איז ער אליין — ר׳ געצל:
ברייט־פלייציק, ווייסע באָרד,
אין זיין קורצקייט איז ער גרויס;
זיינע שווארצאפלען לויפן אום,
פארלויפן אין א ווינקל — בלייבן שטיין
ביז זיי דערוואַרטן זיך אויף א געדאנק.
— ר׳ געצל! — איז די רחמימ׳טע היימעשדיק אים מודיע:
— איך האב דעם בר־מזל דא געבראכט אים „פארהערן”.
— הפקר טאר מען א קינד ניט לאזן זיין.
— די נשמה איז דאך ניט שולדיק.
רבי געצל׳ס אפלען זיינען ארויסגעלאפן פון די ווינקלען,
זיך א שטאך געטאן אין לעני׳ן,
ווי ער וואלט מיט זיינעבליקן א צי־געטאן לעני׳ס הויזן.
— נו, יא, מיר׳ן אים —
דא האט די רחמימ׳טע אים אונטערבראכן:—ר׳ געצל!—
האט זי גענומען זיך „צעברייען”, אויסגיסן איר הארץ,
ווי עפעס מאניעט איר פון לאנג.
— כ׳האב בריוו געשיקט קיין אמעריקע.
— וואס הייסט, דער משה׳קע דארטן זאל ניט האבן געוועז „שטראכירט”?
— איז ווערן מיינע בריוו ווי אין ים פארשלונגען.
— און איך לויף אוים די פים איבערן שטעטל,
אים, מיט דער פינצטערער אלמנה, צו באזארגן.
— פע, זיי דארפן דארט אין ווייטן האלז זיך שעמען.
ר׳ געצל איז שוין געזעסן באם טיש אין אומרו.
זיינע שווארצאפלען האבן ניט געקאנט מער שטיין אין די ווינקלען,

און ניט געוואָלט מער אומלויפן.
האָט ער איצט געוואָרפן אַ בליק אַזאַ,
וואָס האָט פאַרשאַרט די רחמימ'טע אָן אַ זייט . . .
האָט בלומע זיך אָפּגערוקט, דאָס פּנים אַ צעפּלאַמטס,
ווי זי וואָלט אין אַ שוויצבאָד זיך אַליין געשמיסן.
ער האָט שטום אַ ווינק־געטאָן צו לעני'ן, צום טיש גערופן,
האָט לעני זיך דערנענטערט פויל, ווי אָן כח זיך אַוועקגעזעצט.
— ווי אַלט איז אַ בחור'ל?
— טוועלף — האָט לעני אָפּגעענטפערט.
— צוועלף? — האָט ר' געצל אים איבערגעפרעגט,
און זיינע אויגן, טראַכטנדיק פאַר זיך, זענען אין די ווינקעלעך פאַרקראָכן:
— אָט דער בחור'ל איז שטומפּיק אויף דער צונג.
— ווי רופט מען דיך?
— לעני.
— מיינסט לייבל? אַ נאָמען נאָך דיין זיידן, ז"ל, ר' ליב חיים.
— נו, לייבל — לאָמיר זען דיין גאָלד קעפּל.
— וויפיל תורה האָסטו פון דאָרטן געבראַכט?
ער האָט גענומען צוקלייבן אַ ספר:
— תנ"ך, גמרא, וואָס האָסטו געלערנט?
טראַכט לעני: עפּעס רעדט דער „אַלד מען אַזוי פאַני",
גאַרנישט ווי די רחמימ'טע, אָדער ווי מאַמע זיינע.
— זאָג מיר, וואָס האָסטו לעצטנס געלערנט?
— געלערנט? איך ניט געגאַן אין אידיש.
— איך געגאַן אין פּאָבליק סקול סיקס איי.
געצל'ס אויגן האָבן זיך אָפּגעשטעלט,
געשפּיצט זיך אין לעני'ן, געמיט זיך צו באַנעמען. . .
— זאָגסט: ביסט אין חדר ניט געגאַנגען?
— קענסט ניט קיין פּרשה חומש, אפילו ניט דאַווענען.
— איז וואָס זשע דען האָסטו געלערנט, האַ?
— נישט צו זיין אַ איד?

— א גויעץ זיין דארף מען אויך לערנען.
— נו, און קדיש! ווער זאָגט קדיש, ווער?
אָן אָנגעשטרענגטער האָט ער זיך געווענדט צו דער רחמים'טע:
— ווי דער פסוק זאָגט: ויבעט . . .
— אוועקגעפאָרן און פטור, איי־איי־איי.
— נו, יאָ, האָט זי צוגעשטימט.
— ווייזט אויס: אין אמעריקע
פאַר „שטראַכירט" מען זיך ניט מיט עולם הבא.
— נו, יאָ, האָט דער אַלטער אָפּגעזיפצט,
נייע אידן האָדעווען זיך: גוים—אָן שמד . . .
ער האָט זיינע הענט אין די פינגער געשלאָסן,
הילפלאָז געזוכט מיט די אויגן אַן עצה:
— נו! — האָט ער אָפּגעקרעכצט,
איך וועל זיך דאָ מישב זיין וועגן אים.
און אין די רייד האָט ער צוגערופן דעם מלמד משה בינדערן,
א זשאַווע ביינערדיקס אזא,
קענטיק ער וויים א סך און איז קאַרג צו זאָגן.
דינגט זיך מיט זיך אַליין—„שווייגן איז גאָלד",
נאָר שווייגנדיק זאָגט ער עפּעס.
— וואָס איז אייער עצה?
האָט געצל געפרעגט און אַליין זיך געענטפערט:
— איר פאַרשטייט, ר' משה, מען דארף
פשוט אָנפאַנגען מיט אים פון אלף.
זעצן אים מיט די זעקס־יעריקע האָב איך מורא,
ס'וועט ניט זיין קיין אחדות און קיין פעולה.
הא, וואָס זאָגט איר?
משה האָט זיך זייטיק צוגעהערט צו ר' געצלען,
און איבער זיין פנים האָט א פעכער געטאָן מיט א געדאַנק:
— הום, מיר דאַכט, האָט בינדער גענומען שטאַמלען,
עפּעס האָב איך געהערט. . . אָדער איך מאַך דאָ א טעות?
איז דאָס ניט דאָס בחורל וואָס מען פאָדערט צוריק קיין אמעריקע?

מען דאַרף זיך פאַנאַנדערפּרעגן. . . קיין תכלית ניט „באַרעמוטשען".
וואָס קען מען אין אַ קורצער צייט באַווייזן?
ווי נאָר די רחמים׳טע האָט דאָס דערהערט,
האָט זי זיך אַ צינד געטאָן ווי אַ זאַנג,
אַ פלינקען סער געטאָן צו זיי, צע׳טענה׳ט זיך:
— גאָט, מיין גאָט, וואָס רעדט איר דאָ?
אַ סוד אין בראָד, איך דאַרף ניט וויסן פון דעם?
וואָס טוט זיך דאָ?
צו וועמען איז די נייעס געקומען, האַ?
— כ׳וויים, צו דעם הנידה׳ן — דאָרטן . . .
האָט משה זיך אַ זאָג געטאָן, ווי ניט זיין עסק,
— אַ ווייטע קרובה זייערע האָט זיך אָפּגערופן,
ארויסגעשיקט קאַרטעס.
דאָס וואָרט „הנידה" האָט געטראָפן די רחמים׳טע ווי אַ קויל,
אַ צעפּלאַמטע האָט זי זיך אַ דריי געטאָן צום טיר,
בלעזלעך האָבן זיך צעווייסלט אויף אירע ליפּן,
און מורמלענדיק פאַר זיך: „הנידה, העי, הנידה . . ."
איז זי שנעל ארויס, און לעני׳ן דאָ געלאָזן.
שפּעטער איז די רחמים׳טע פון ר׳ שמחה׳לעס הויז ארויס.
דער רבי, זאָל מוחל זיין, האָט געזאָגט:
„ס׳איז ניט קיין ענין פאַר אים",
האָט זי דעריבער איצט אָנגעוואָרפן אירע טענות צו מענטשן אין גאַס:
— געהערט, קרוינקע, אַ חוצפּה פון אַ יונג?
ער האָט דעם רבי׳ן געוואָרנט אַז:
מען זאָל אים ניט שטערן, וועט׳ן בעסער מאַכן.
— אַזאַ פּאַניענקע!
— זאָל שטאָט ניט ווערן איצט קאַכלעפל, זאָגט ער.
— געהערט אַ לשון?
— ווי דאָס צינגל פון אַ־אַ— כ׳וויל ניט זאָגן וואָס, דרייט זיך.
— אַ מענטש — זאָגט ער —

איז ניט שולדיק ווי און וואָס ער ווערט געבאָרן,
אָבער מאָן מיט זיין אייגן לעבן קען ער וואָס ער וויל.
— געהערט דיבורים?
— ער נעמט מיט לעני'ן און היידא, זאָגט ער.
— און ביילקען לאָזן זיי אונז איבער.
— אויף חולים זאָלן מיר זיין באַלעבאַטים.
— וואָס זאָגט איר צו אים, נחמה לעבן, האַ?
נחמה האָט זיך שטיל איינגעהערט,
נאָך מערער איינגעקניפּט אין זיך,
און דער ענטפער איז געבליבן שטעקן אונטער נחמה'ס פּאַטשיילע.
פאַראַן מענטשן וואָס הערן ניט וואָס זיי אַליין ריידן.
נחמה רעדט אַליין ניט,
נאָר הערט און שווייגט, שווייגט און הערט.
זי ווייסט: דריי זאַכן זיינען דאָ אויף דער וועלט—
„א גאָט, א שטאָט, און אירע אייגענע דאגות".
נאָר די רחמים'טע לאָזט נאָך ניט אָפּ און רעדט זיך אירס:
— וואָס־אי! אַמעריקאַנער קאָנסול וועט זיי העלפן.
— נאדיר נאָר אין אַלע שווארציאָר וואקסן אוים באַלעבאַטים.
— און קהל איז גאָרנישט, האַ?
— וואָס זאָגט איר צו דעם, נחמה לעבן?
נאָר מער ווי א שאָקל מיטן קאָפּ פון נחמה'ען,
האָט די רחמים'טע אויף אַלע רייד אירע ניט ארויסגעקראָגן.
איז געבליבן:
אז צום שטעטל זיינען די טויערן אָפן.
שליסלען אויף אַלע וועגן צעשאָטן.
קיין אויג היט ניט און ציילט ניט,
ווער סע וויל קומט דאָ אריין;
ווער סע דאַרף פאָרט פונם שטעטל ארוים.
א וועלט איז דאָך גרויס . .

# א נאכט

די זון איז באַם אָקרענט א פאַרבלוטיקטע געפאַלן,
און מער שוין אין שמעטל צוריק ניט געקומען.
האָט דער הימל זיך אַראָפּגעלאָזן אויף דעכלעך און קוימנס,
ווי אַ ליילעך אַ גרויער אויף דעכלעך ווילדגראָז אין פעלד.
האָט אַסיען דאָס שטעטל פאַרטייעט,
פאַרשניטן די טעג און אין באַגינען — פאַרנאַכטיקט,
מיט לעצטע רעגנס געשטאָכן ווי נאָדלען,
פאַרנומען מיט רוגזה דאָס שטעטל פאַרפלייצן.
ביז דער צפון האָט צעפּאָכעט מיט וואוט זיינע ווייסע בייטשן,
איבער שטעטלעך, ווי איבער געבויגענע רוקנס, געשמיסן.
האָט זיך דאָס שטעטל אונטערגעגעבן — איינגעהויקערט,
ווי שטיינער אין פעלד, אונטער שנייען פאַרגליווערט.
נאָר אין קוימענס האָט געקלאָגט דער ווינט,
ווי דאָס וואָיען פון הינט:
ווי—נט—ער נאַ—כט!
ווי—נט— ער—ד—ר.
שטערן בליאַסקען, שנייען גלימערן,
שטיבעלעך, סילועטן בלויע,
דרימלען איינגענורעטע אין גליווער.
אַ קינדס געוויין ווערט וואו אנטשוויגן,
ווערט אַ ליכטיק פענצטער — פינצטער.
טונקלען זיך סודות'דיק גאַסן און געהעפטן,
הילט זיך נידריק שטעטעלע
אין גרויע, בלויע שלייערן.
שלייכן זיך שאָטנס קאָסמיש,
שאָטנס רוקן זיך ווי טויערן;
און פאַרמאַכן הינטער זיך די נאַכט.
נאָר העכער, איבער דעכער,
שימערן אין בלויקייט — אויגן,

ח. ל. סיימאן



פענצטער — פינקלען . . .
הימ דער הימל מיט אויגן אָפענע מיליאָנען,
און לויערט נאָך די נאכט.

נאכט —
טראכט:
וואָס קען אין אַ נאכט אזא פארלויפן
אין געסעלעך און הויפן?
פלוצים: אין שארפער שטילקייט
צעטראָגט דער עכאָ איבער דעכער
דעם סוד פון טריט . . .
טריט —

ווערט עמיצער געשטערט פון שלאָף,
צעבילט זיך וואו אַ הונט,
ענטפערן הינט.
נאָר נאכט האלט איר אָטעם איין
און הערט זיך צו:
סקריפ, סקריפ, סקריפ . . .
אין שנייאיק קאלטער נאכט
פרייכן אָטעמס — —
דרייען זיך שאָטנס בא די ווענט,
שלייכן גנבה'דיק אריין אין שול,
און זאמען זיך און זאמען:
ביז אין די שול־פענצטער, מאטע, אויסגעלאָשענע,
פאנגען זיך אָן צו וועקן, רויטלען,
ווי גאָלד אין רויך וואָלט דאָרט זיך קווייטלען.
— פלאמען־צונגען צו די ווענט זיך שטרעקן,
שויבן לעקן,
שויבן קרעכצן . . .
פלאצן, שפרינגען און צעפאלן.

ווערן פענצטער פוסטע לעבער,
ציען זיך פלאַמען דורך די פענצטער:
קריכן אויף די דעכער — צונגען,
זיינען פויגלען ארויסגעפלויגן
פון די נעסטן פון אונטערן פאַדאַק,
ווי נשמות־תפילות
וואָלטן פון שול זיך איצט צעטראָגן
ערגעץ צו באַקלאָגן . . .

שלאָפט דאָס שטעטל איבערן קאָפּ א צוגעדעקטס,
נעמען בלאַנקען גאָלד־פליגלען אין שויבן,
ווי ס׳וואָלטן שפיגלען קענן זון געפּעכערט.
האָבן אויגן־דעקלעך פון שלאָף זיך געעפֿנט,
האָבן מענטשן פון די בעטן גענומען קרעכצן,
האָבן זיך דערהערט געוואלדן דורך די פענצטער.
— — אוי, א בראַנד!
— — א קלאָג איז מיר!
— — סעברענט!
האָט עמיץ אין א טיר באַוויזן זיך, א געשריי־געטאָן
אזוי ווי סע וואָלט זיך אליין דאָס הארץ ארויסגעריסן:
— די שול!
— אַי וויי, די שול ! !
האָבן זיך גענומען באַוועגן דורך טירן
פעלצן, קאָלדרעס — אריינגעשטעקטע אין פאַנטאָפל,
מיט עמערס און מיט העק,
מיט לייטערס און מיט לאָפּעטעס.
זיינען הענט געפּראָרן צו די עמערס,
און דאָס שטעטל האָט געפילדערט און געקרעכצט,
און געוואָרפן זיך צו דער שול!
אין שול — — . . .
איז ווער אריין אין פלאַמען איינגעוויקלט,

ראַטעוועז די תורה . . .
— אידן, אידן,—
ראַטעוועט די שול:
— עמערס . . .
— עמערס . . .
עמערס . . . —
נאָר שטיל איז געבליבן די גויאישע געסל,
פאַרשטעקט אין שניי — ענד־שטעטל — אוים . . .
פון הנידה'ס הויז זעט זיך נאָר דאָס דעכל אַרויס,
נידריק געהויקערט פון לאַסט פון יאָרן.
די לופט איז אפשר דאָרטן אויך פאַרפראָרן.
הינטער שטיבל סקריפּען הנידה מיט לעני'ן אַרום א שליטן,
גנבה'דיק אין געאייל שפּאַנען זיי איין א פערד.
„ס'טאָר זיי קיין זאַך מערער ניט פאַרהאַלטן דאָ,
ווען דער וועג איז א באַשערטער".
אַזוי טראַכט הנידה און קוקט זיך אום,
צי האָט ניט עמיץ זיין געדאַנק געהערט . . .
אויך לעני פּאַדעט אַרום פור א פאַרטרויליכער,
און העלפט געהאָרכזאַם צו הנידה'ן.
און די שטומע איינגעשטימטקייט רעדט:
— איך און דו —
— דו און איך!

ווייט פון שטעטל קרייזט א לאַנגער וועג,
וועלן זיי מאָרגן ערגעץ קומען — ערגעץ זיין.
אין ווייטן ערגעץ וואַרטן מאָדנע טעג,
נייע מאָרגנדיקע טעג,
לאָזן זיי זיך אינם וועג,
אין ווייטן וועג — —
לויפט דער שניי־וועג אונטערן שליטן,
ווערט פונם שליטן א פינטעלע א שוואַרצס:

טויכט זיך אין דער ווייסקייט.
אין שליטנדל פון אונטער א צודעק ארויס,
בליצן אויגלעך צעשראָקענע —
וואנדן זיך און ווייסן ניט צו וועמען . . .
אין חלל איז אויסגערונען איצט דאָס אָרט,
וואָס האָט געדאַרפט זיין רוף פאַרנעמען.
דאָך טליען פייערלעך אין זיינע אויגן,
די וואַכזאַמקייט נעמט מאַנען און נעמט אַנען:
די מאַמע זיינע . . . בלייבט אַזוי ווי אין א גרוב.
אים ציט צו איר,
אפשר וועט זי אים דערקאָנען,
אפשר ווערט זי איצט אים ליבער . . .
אָבער אַז הנידה טענה'עט איינעט:
— אַזאַ מאַמקו לאָזט מען איבער! —
פאַר זיי.
א וואו?
זאָל זי ניט דאגה'נען זיווע'ם קו.
ליגט לעני אינם שליטן,
ווי א שטריק צונויפגעקניפט, אַנגעפראָרן;
און עפּעס קריצט אין אים זיך איין
פאַר אַלע זיינע יאָרן.
אין פאָרויס זיצט הנידה מיטן רוקן צו לעני'ן,
איינגעפרענט אין זיך, לייצעס אָפּגעלאָזן:
פאַרלאָזן זיך אויפן פערד ער זאָל דעם וועג דערקוגדן.
— גיי! — דער וועג ליגט אונטער שניי . . .
נעמען הנידה'ס ברעמען פאַלן,
די איינזאַמקייט נעמט אים פאַרוויגן;
און אים דאכט זיך אַז אין שליטן,
כאָרכלט א ניט־דערשאָכטענעס,
ס'ליגט א פּירפּיסיקס צונויפגעבונדן,

ווינגט זיך א קאָפּ מיט הערנער צווייגן
פונם שליטנדל אראָפּ.
קריטשען הערנער אינם שניי:
„איז עס ניט דאָס לעבן זיינס?
אפשר גאָר — די שול!
פאַרשטעלט פאַר אַן אָקס א ניט־דערקוויקלעטן,
וואָס ריזלט מיט וואַרעם בלוט אין שניי״—
נישט גלאַט אזוי:
נאָר ווי ס׳וואָלט מיט פינגער רויטע
טייטלען: האָ — „דאָ זיינען זיי . . .
אָט דאָ זיינען זיי״.
וואָס זשע דען פאַרט עס מיט?
— קיינער ענטפערט ניט.
ס׳איז די שטילקייט, ווי ווען זי וואַכט אין זיך.
די שטומקייט — ווען זי שטימט נאָר מיטן גורל איין:
זאָל זיין וואָס וועט זיין.
— זאָל זיין.

בליאַסקען שטערן, גלימערט שניי —
פאַרשווינדט א שליטנדל אין ווינט־זאַווײ,
שניי — — שליטן — — — שניי.
ערגעץ אין דער פרעמדער וויט,
וואַרטן פרישע נייע טעג:
שלינגט, פאַרשלינגט זיי איצט דער וועג.

# עמבריא

מיר קומען ווי ריטער מיט שליחות פון האר,
אין גאנג פון דער שליחות מיר שפירן זיין שכר.
ער האט אונז געשיקט דא, מיט חושים, מיט יארן,
זיין וועלט צו דערשאפן, זיין חלום פארוואָרן.
ווי טויבן ווי בלינדע מיט פליגלען וואס ברענען,
מיר פליען, מיר פאלן, מיר מוזן געגעגענען;
דורך דויער און טרויער, דורך לויער און גלויבן,
דורך שטייגן — פארטיפן, דורך טיפקייט — דערהויבן,
זיין אָנזאָג צו טראָגן — זיין רוף צו דערהערן,
דורך בלוט און דורך ארבעט—אליין געטלעכער ווערן.

דורך נעכטנס, דורך מארגנס,
ווי פעלד - ברואים זשומען —
מיר קומען:
צו דיר —
דורך דראנג און יצירה,
דורך וואָרט — און דורך קלאנג —
דאס געזאנג:
צו דיר —
פון הויכקייט צו טיפן,
פון טיפקייט צו הויכן —
דערגרייכן:
צו דיר —
דורך אויפגיין — דערגיין,
דורך דערקענען — קענען
געגעגענען:
צו דיר —
דורך ליכט און דורך פינצטער,

דורך ווערן, ניט ווערן —
געהערן:
צו דיר —
דורך נעכטנס, דורך מאָרגנס,
ווי פעלד־ברואים זשומען —
מיר קומען:
צו דיר —

## אין מיראַזשיקן דרעמל

ס׳איז ערגעץ געבליבן וואו הענגען אַ רגע
און הוידעט זיך דאָרט אין מיראַזשיקן דרעמל.
עס חלום׳ט דער רגע׳ס ביליאָנען חלומות —
אין מדבר דאָס זאַמדל, אין זומפּן דאָס שוועמל.
זיי דרעמלען פאַרבענקטע און בענקען אויס ניסים,
וואו דויער פאַרוואַנדלט חלומות אין ווערטן.
גליט איצט דאָס זאַמדל אויס נעכטיקע מאָרגנס,
און ס׳גענעצט דאָס שוועמל אין־סוף׳יקע נעכטנס.
ערגעץ געבליבן איז הענגען אַ רגע
אין גליווער פון ווארטן און שטאַרען געדייען:
עס זאָל זיך דער שימל אין שימער פאַרוואַנדלען,
דער שימער עס זאָל זיך מיט שימל באַנייען.
חלום׳ט חלומות אין מיראַזשיקן דרעמל —
אין מדבר דאָס זאַמדל, אין זומפּן דאָס שוועמל.

## ערגעץ ווארט . . .

**מיין חבר און לערער:**
**דר. מ. דאָלניק**

איך בין אַ שליח דאָ — אַ רייטער אין דער וועלט.
רייט איך אויף אַ פערד אַזאַ וואָס קוים אַ פוס ער שטעלט,
האָט ער זיך ביי טויזנט שוועלן טויזנט מאָל געשטעלט,
ליגט אויף טויזנט וועגן גאָר מיין שליחות אין דער וועלט.
בלענד איך אין דער וועלט מיין טאָג און טראָג זיך דורך דער נאַכט,
ערגעץ ווארט מיין גורל וואו, אַן אומרו אין מיר וואַכט.
גליען מיינע אויגן איצט אין אייביקן פאַרנאַכט —
טויכן זיך ווי בליץ־לעמפּלעך אין חשכות פונ׳ם שאַכט.
ליגט אויף טויזנט וועגן וואו מיין שליחות אין דער וועלט
— אַ קערנדל אויף רעגן ווארט אין מדבר־זאַמד פאַרגעלט.
נאָר עמיץ מיט אַ ברכה — האָט צו בענשן מיר פאַרפעלט —
ווערן מיינע ברייטע וועגן — טונקל און פאַרשמאָלט.
רייט איך אויף אַ פערד אַזאַ וואָס קוים אַ פוס ער שטעלט,
ערגעץ ווארט מיין שליחות איצט, מיין שליחות אין דער וועלט.

# מיט אויגן אָפּענע

— וועט מיין טראָט זיין וואונדיק און מיין לייב געביסן,
וועט אַ טיר אַן אָפּענע פאַר מיין אָנקום זיך פאַרשליסן,
וועט אויך הימל פאַר מיין אויג מיט לאָדנס זיך פאַרמאַכן,
זאָל פּלאַצן אַ געלעכטער וואו, זאָל הויערן דאָס לאַכן:
כ'וועל אין וועג ניט קומערן, ניט מאָנען און ניט אַרן,
זאָל דער היינט ניט שימערן — זאָל דער מאָרגן נאַרן.

איז מיין באַשער — איך זאָל אין ווירבל זיך פאַרלירן:
זאָלן מיינע טעג אין אימפּעט גאַלאָפּירן.
זאָל מיין שעה אין גליען — גליאיגער נאָך ווערן,
זאָל דאָס וואָרט אין מיר זיך רייפערן און נערן,
זאָל מיין ליד פאַריוירן, אויפגיין — און זיך הערן
ביז מיין לעצטער טראָט וועט אויפן וועג ניט ווערן.
איך וועל דורך קאָשמאַרן גיין, גיין און ניט פאַרווירן,
כ'וועל מיט אויגן אָפּענע אין ווירבל זיך פאַרלירן.

# בלענד - געוועב . . .

### פון דער סעריע „פאנטהעאיזם"

ווער האָט זיך דערמאָנט דאָרט, אַז איך דרעמל אין דער טראַכט,
מיך, מיט ציטער אויפגערופן—פאַרביינקטע אויגן אויפגעמאַכט.
צו מיין באַשער מיך געלאָזט: אין ווינט צו זייען מיינע טעג,
וואו ס'איז קיין וועג ניטאָ—זאָל איך טרעטן זיך אַ וועג.
— ווער האָט דאָרט געלאַכט, ווען איך האָב מיין ערשטן טראָט געמאַכט?
איצט בלענדט אין שטויב מיין טאָג און ס'הויערט ווייט די נאַכט.

וואַרף איך מיינע טעג און נעכט ווי בליאונגען אין ווינטן,
אַ געוועב האָט זיך צעריסן און דאַרף זיך ווידער בינדן,
בין איך דער ברעג אין וועב, וואָס מוז מיט ברעג זיך העפטן,
דערפאַר: דער בלאָנקען דורך רוימען און געהעפט:
דאָס זוכן אין דער וועלט, וואו ברעגן צו דערלאַנגען,
— ערגעץ וועבט אַ נעץ און וועט מיין מאָרגן פאַנגען . . .
זוך איך אין דער וועלט אַ שליחות דורכצופירן:
ביז איך וועל דעם וועג אין ווירבל וואו פאַרלירן.

## בליאונגען און ווינטן

אַ טויער שטייט וואו אָפן — דויער וועט דאָרט וואַרטן,
פאַרמשפּט איז מיין אומקער באַם שוועל — אַן אָפּגענאַרטן.
מיראַזשן פאַר די אויגן — שקרים אַף די וועגן:
זוך איך, און וועל זוכן ביז דעם ברעג פון אַלע ברעגן:
— ערגעץ גליט אַן אמת און מוז דעם שקר צינדן —
דערפאַר מיינע טעג און נעכט ווי בליאונגען אין ווינטן.
איך ווייס, ס'לעשן זיך טעג — אין מיטן פונ'ם וועג.
גרייט בין איך ווי אַ שוואַלב אין די סוף־זומער טעג.
— לעצטע רגע — איז אָנפאַנג — פון אַ ווידער־זיין:
צי איך ליכטיק אין אַ גוף, צי אַ שאָטן אין לבנה־שיין;
אַ ווירמל אינ'ם ווינט — צי אַ דרעמל אין אַ שטיין.
— אַן אמת וויל — איך זאָל דאָ מיט מיין אמת גיין...
— ערגעץ שטייט אַ טויער — שטענדיק אויפגעמאַכט,
בלענד איך איצט מיין טאָג און הויער אין דערנאַכט.

## אין מיטן פונם אלעמאל

אונז דאַכט זיך נאָר מיט זון אויפגאַנג גייט אויף אַ נייער דור.
ווען זון אַליין איז ערשטער טאָג וואָס קען גאָר ניט פאַרגיין.
צייט גדענקט ניט מער דעם ציטער פון איר ערשטער רגע,
אַ לעצטע רגע אירע — ווייסט נאָך ניט אפילו גאָט אַליין.
— אין ברי, אין גלי, אין מיטן פונ'ם אַלעמאָל,
זיינען מיר אין סוף, אין תוך פון קיינמאָל גאָרנים.
אַן אָטעם אייביקער אין אָטעם פון אַ רגע,
אַ חלום אייביקער אין וואָר וואָס איז קיין וואָר ניט.
מיר טובל'ען זיך אין לעבן פון אַלע, אַלע דורות,
אַ מיראַזש — אין פרי־באַגין ניט אַלע קענען זען.
און האָט אַ דור פאַרפעלט צו זען אונז ערגעץ ווען,
ווייס—מיר זיינען פריער פון וועלט נאָך אין דער וועלט געווען.

## גאַט׳ס אומרו

אין דעם שטיין — שווייגט די עקשנות,
אין דעם דונער — קראַכט דער כעס.
אין די ימ׳ען — קרעמפּט גאָט׳ס אומרו,
אין די בליצן לאַכט זיין שפּאַס.
אין מיין האַרצן — בליט די ליבע,
אין מיין האַרצן — גליט דער האַס.
אין מיין טרער — איז גאָט׳ס אַ ווייטיק,
אין מיין פרייד איז זיינער אַ שפּאַס.
אין מיין אָפּרו — רוט גאָט׳ס אומרו,
אין מיין אימפּעט — שפּאַנט גאָט׳ס טראָט.
אין דער וואָרקייט בלענדט גאָט׳ס חלום,
אין מיין חלום זאַמט זיך גאָט.
אין מיין טויט ווערט גאָט אַנדרעמעלט,
אין מיין לעבן וואַכט אויף גאָט,
אין דער ערד וואו — גראָבט דער קראָט . . .
אין דער וועלט וואו — גאָט׳ס באַראָט.

## געוועבן

פאַראַן אַ געוועב אַזאַ, וואָס וועבט פון זיך געוועבן.
ערד און הימל, פייער, וואַסער זיינען זיינע וועבן.
געוועבן וועבן וואָר און חלום, וועבן טויט און לעבן.
לעבן — טויט — געוועבן.
פעדים זיינען רוים און וועלטן — דרימען אונדזער לעבן.
וועבט אַ פאָדים זיך אין וועב — גליט וואו אויף אַ לעבן.
— לעשט זיך אוים אַ לעבן וואו, וועבן זיך געוועבן.
וועבן זיך געוועבן.

# מיין לעבן — זיין אטעם

מבשרי אחזה אלוה (איוב י"ט, כ"ו)

ניט אַף כסא הכבוד טוט זיצן מיין גאָט,
און ציילט מיר מיין אָטעם און היט מיר מיין טראָט,
רעטעט אַ צדיק, צי שטראָפט וואו אַ שטאָט...
ניט אַזוי שפּיר איך און פיל איך מיין גאָט.

זיין היכל איז אונטן, זיין כסא איז דאָ,
און איך בין זיין חלום, זיין הויכ־באַרג — נבו...
מיין לעבן — זיין אָטעם; זיין בליץ איז מיין שעה:
גאָט איז מיט מיר, און אין גאָט בין איך דאָ.

איך זע זיך אין שפּיגל — ער זעט זיך אין מיר,
מיין דמיון — זיין פענצטער, מיין האַרץ איז זיין טיר.
זיין שליחות — מיין זיין דאָ, זיין ווילן—מיין ריר,
איך גיי מיט אים דאָרט, ער קומט דאָ מיט מיר.

# הער — בן אדם

ווילט זיך מיר אזוי ניט גלויבן—„אלץ מיט אלץ איז לער."
אז איך בין אליין געקומען — ניט געשיקט אהער.
—הכל הבל—חלומ'ט אויס מיין זיין דאָ און ניט מער.

ווילט זיך און סע לאָזט זיך גלויבן; הער נאָר און באַקלער,
ניט מיר האָבן די וועלט פאַרטראַכט, די וועלט פאַרטראַכט האָט ווער.
נאָר מענטש פרואווט אים א נאָמען געבן—איז אָן א נאָמען—ער !...

ווילט זיך און סע לאָזט זיך גלויבן — עמיץ, ערגעץ וואו,
ס'האָט א נביא אים געהערט אין שטילקייט און אין רו.
זיי שטילער, מענטש, און הער זיך צו, צו זיך אליין הער צו.

פון דער טיפקייט רופט און רופט צו אונז דאָרט וואו,
ווי הייוון איינגעקנאָטן זיך אין וועלט, און אומרו'ס — רו.
הער — בן־אדם, הער זיך צו, צו זיך, אין זיך הער צו.

קומט א רעיון — ביסט א רמז פון זיין אומרו — זיין באַקלער.
הער: ניט דו ביסט דו! ניט איך בין איך: ס'איז ער...

# די נאַכט נעכטיקט אין דרויסן

שטיל פאַר׳יתומ׳ט בלייבט דאָס פריש צעאַקערט ערד,<br>
— דער פויער סערט צום הויז מיטן אַקער מיטן פערד.<br>
עסט זיין אָוונט־ברויט סניהט זיך באַ זיין בעט,<br>
שעפּטשעט פאַר רעגן און פאַר גערעטעניש זיין נאַכט־געבעט,<br>
פאַרלעשט דאָס ליכט און אַ מידער קוקט דורכן שויב אַרויס,<br>
לאָזט איבער טיפער־נאַכט נעכטיקן אין דרויסן נעבן זיין הויז.<br>
שלאָפט דער פויער, קריכן שאָטנס פון זייער געלויער,<br>
שטערן־אויגן שימערן אין הימל, היטן אַ ניט־צוגעמאַכטן טויער;<br>
סגיען הייזער אַף דער ערד, ווי אין חצות פאַרטראַכט,<br>
בוימער שטייען שמונה־עשרה, ניט מפסיק איז די נאַכט,<br>
דער טוי—אַ ליילעך דעקט פאַר׳יתומ׳טער ווייטקייט צו,<br>
ווערט פעלד און סו, מענטש און וועלט פאַרטיפט אין רו.<br>
נאָר אין צעאַקערט ערד די זריעה פרוכפּערט זיך און וואַכט.<br>
פאַרזינגלט אין דער טיפקייט פאַרדרייגגט איז די נאַכט,<br>
ווען אַ גרעזל ווינקט צו אַ גרעזל, פאַרטרויט שטיפערש אַ סוד:<br>
„היינט וואָלטן קושן זיך אפילו אַלטע קעפּלעך קרויט.״<br>
פויגלען בריען, ווינטן טראַכטן. אין שטיל באַזאַכטן<br>
פאָרט זיך גרעזעלע מיט גרעזל. מענטש טוט רוען — סערפּ<br>
וועט וואַרטן.

# ער...

איינער האָט אַ שליסל אין זיין האַנט,
קען ער פאַרשליסן טויב אַ וואַנט:
ער אַליין קען זיין די טיר —
מיט טויזנט שלעסער הינטער איר;
קומט קיינער אין זיין הויז אַריין,
קען קיינער אין זיין הויז דאָך זיין.
און קלאַפּט באַ אים אין טיר אַ קלעק —
ענטפערט קיינער . . .
ביז מע גייט פון טיר אוועק.
דער אַנדערער האָט אַ שליסל אין זיין האַנט,
קען ער עפענען אַ וואַנט,
קען ער עפענען אַ טיר,
מיט טויזנט שלעסער הינטער איר.
געפעלט אים אין יענער הויז צו זיין —
קומט ער אין פאַרמאַכטן הויז אַריין,
גייט נאָך, נאָך יענעמ׳ס טריט —
ער איז דאָרט דאָ . . .
כאָטש יענער זעט אים ניט.
טרעפט זיך — פון פאַרמאַכטן הויז,
אַז ביידע שלייכן זיך אַרויס,
און גייען אינאייינעם אַף זאַמד צי אַף שניי —
בלייבן די טריט נאָר פון איינעם פון זיי. . .
ציט איינעם דער וועג איבער באַרג איבער בלוי,
דעם אַנדערן ציט אונטער גראָז, אונטער טוי;
דער ערשטער אין עולם העליון פאַרפליט,
ווען דער אַנדערער —
בלייבט צו דער ערד צוגעשמידט...

ח. ל. סיימאָן

## א יאָדרע

ליגט אַ יאָדרע אין אַ ניסל.
אין דער וועלט וואו ליגט אַ שליסל.

אַ יאָדרע פרעגט ניט,
האָט ניט קיינע טענות.
פרעמד איר חדושים.
דער שאָלעכץ — איר הימל.
חושך — איר ליכט.
דער סכום פון איר וועלטל
איז אין ניסל — אָנענגדליך.
איר גאַנצער מהות
איז — ווי עס איז.
און לויט ווי עס איז
אַזוי איז צו זיין.
ווי קען זי באַנעמען,
אַז אַרויס פון איר תחום,
העט — פון אַנדערזייט שאָלעכץ,
זיינען דאָ „אַטריבוטן":
אַ בוים —
אַ צווייג —
אַ זון —
טוי און רעגן,
אַ גערטנער זאָל פלאַנצן . . .
און ניט דאָס איז אינגאַנצן:
פאַראַן איז אַ האַנט,
קען עס דעם שאָלעכץ צעברעכן,
אין ערשטן בלענד פון ליכטיקייט,
זי — די יאָדרע צעברעקלען . . .
איז חושך איר ליכט.
דער שאָלעכץ — איר הימל.
און לויט ווי עס איז,
אַזוי איז צו זיין.

## אין געוועב פון טויזנט זונען

טיף אין גרונטן פּליסן קוואַלן.
פון די רוימען בריען שטראַלן.
גייט אין מדבר אוים אַ וואַנדערער:
קומט אין מדבר אָן אַנאַנדערער.
בליט אַ חלום נישט געשטויגן,
שטראַלט דער יש אין נעבל־אויגן,
האָט יצירה קיין פאַרשפּונען
אין געוועב פון טויזנט זונען.
בריהען שטראַלן, בלענדן אויגן;
זון גייט אויף דאָרט באַם פאַרנויגן;
איבער נעבלען בערג און טאָלן
ליכטיקט טאָג דורך אַלעמאָלן.
פּליסן קוואַלן, טיפן תהום׳ען.
אויגן — תפילות צו די רוימען. . .
אין געוועב פון טויזנט זונען
האָט יצירה קיין פאַרשפּונען.

## גאָט, מיין גאָט

האָסט דיין שבועה דאָך געהאַלטן:
ניט פאַרשניטן אונדז אין גאַנצן —
קוים אַף זריעה נאָר געלאָזן,
פון דאָס ניי אונדז צו פאַרפלאַנצן.
מאָרגן וועט מען זיך דערוויסן:
ווער ס׳געבליבן, ווער סע פעלט.
זאָגן קדיש — בענטשן גומל...
גאָט! דורך בלוט איצט גייט דיין וועלט.

קום אראָפּ פון דיינע הימלען,
קום מיט מיר פון שטאָט צו שטאָט.
קום צום משפּט פון די שונאים.
וויין! און שטראָף זיי, גאָט, מיין גאָט!
נידער דו אראָפּ פון כּסא —
זע — דער כּוס מיט בלוט איז פול:
ס'טרינקט דער שונא, דיר להכעיס —
ריים די הימלען, ברעך דיין שטול.
פאנג אָן ווידער פון בראשית,
קנעט דיין וועלט פון בלוט און שטויב.
בעט מחילה יעקב'ס קינדער
איידער זאָגסט נאָך דעם כּי־טוב.

## שווינדלט אום א ראד אזא

ס'האָט א האנט זיך זעלבסט געקנאָטן,
ס'האָט א קראָט זיך זעלבסט פארשאָטן,
ס'האָט מיראזש געשפיגלט גבול'ן,
קדמונים האָט גע'כּפל'ט נולן.

רייצן אלע וייטן — לאָקן אלע טיפן,
שיפן פירן סתירות — בלאָנדזשענען די שיפן.
ערגעץ איבער ים'ען שווימט ארום א סברא —
ערגעץ בא א האפן וואַרטן תשובות קלאָרע.
ביינקט דערוויייל דער שעפער נאָך פארגאפּט צו ווערן:
דראנג נאָך פולער שאפונג אין דער וועלט צו הערן.
טוט זיך זעלבסט פארקנעטן אין דעם גאנצן דרויב:
ביז די וועלט אליין וועט אויסזינגען כּי־טוב.
שווינדלט אום א שפינדל־ראָד און וועבט געוועבן,
וועבשטול וועבט דעם וואונדער־וועב פון טויט און לעבן —
ערגעץ איבער ים'ען שווימט ארום א סברא:
ערגעץ בא א האפן וואַרטן תשובות קלאָרע.

## אין שליחות

ס'האָט היה אין אין־סוף מיך צום יהיה געטראָגן,
פון תוהו'ס תהום צו אַ שוים באַ אַ ברעג מיך דערשלאָגן,
צו זוכן דורך חשבות אַ ניט־מקוים'דיק באַגערן דעם בראשית
דערנערן,
וואונדער דערוואונדערן, אַ געזאָלט זאָל זיין — זאָל ווערן.

ניט געשידן, ניט באַגריסט, אַ גאַסט דאָ אַזאַ מין—אַ וין:
בלאָנקע איך אַ פרעמדער אום און פרעג זיך ווער איך בין.
איך געדיינק ניט ווען איך לעב, איך ווייס ניט ווען איך שטאַרב,
כ'בין אַ קערנדל אין גאַרב, צום זעט דורך מיין פאַרדאַרב.

גיי איך ווי ס'וואָלט מיר ווער די הענט געבונדן און פאַרזאָגט
מיר — „גיי!"
גיי פאַרזיי דעם מדבר־זאַמד מיט זאַמד, אין זאַמד פאַרזיי.
גיי און שריי אַריין דיין ווי אין דער וועלט מיט פיין,
און גרים דעם מאָרגן באַ זיין ערשטן בליאַסק פון שיין.

און וואַקסט דער מדבר וויסט — וויסטער נאָך פון וויסט,
וויסן זאָלסטו וויסן ווען דו ווייסט ניט וואו דו ביסט:
יעדער טראָט דייענער זייט ווי זריעה נייעם טראָט אַף וועגן.
גיי! די שליחות איז, — דיין שליחות צו דערפרעגן . . .

גיי פאַרזיי דעם מדבר זאַמד. מיט זאַמד אין זאַמד פאַרזיי —
פאַלן זאָל דיין טרער ווי טוי און ווי רעגן־שפּריי אין דיין גיי,
און טראָצן דערנער אונטער דיינע פיס, זאָל דיין פוס זיי פאַרבן רויט,
אַ צייכן זיין פאַר דעם וואָס קומט נאָך דיר—צו וויסן וואו ער גייט."

גיי איך, ווערט מיין טראט פארווישט פון ווינד, מיין טאג
פארזינקט, פארשווינדט,
און סע לאכט פון מיר דער „גרייז" ווען איך גלויב נאך
ווי א קינד.
און פאלן מיינע תפילה־הענט — ווי א פונק אין לעצטן
צאנקער—
וואכט אין מיר א מאגען אויף—„גיי", ניטא פאר דיר קיין
אפשטעל, קיין פאראנקער.

„נעם אן פאר ליב דיין וואנגל און דיין שמאכטן אויף דער וועלט,
צי זיך ווי צו לאגלען ווען א העלע רגע קווועלט.
עדות ווען די ברכה בענטשט און די קללה שעלט,
משפט א פאר'משפט'ער אין שליחות אין דער וועלט.

גיי איך און שריי אריין מיין וויי — אין דער וועלט מיט פיין,
און גרים דעם מארגן בא זיין ערשטן בליאסק פון שיין.
איך קום פון תהום'ען און פון נעכטנס—און גיי צו מארגנס צו,
אין שטענדיקן בראשית חלום'ט וועלט יצירה, מיין אומרו.

## ווייסער פויגל

(אלעגאָריש) ש. רובינשטיינען

תהו האָט געקנאָטן וועלטן,
קעגן שטנ׳ס בייזן שעלטן.
האָט זיך וועלט נאָך וועלט געשטורעמט.
מענטש און פויגל, ערד און רוימען,
האָבן זיך פון אַלע תהומ׳ען
אויסגעהיילט און אויסגעפורעמט.
וואסער האָט פארשלונגען פייער
פארן צינדן וועלט דער נייער.
תהום האָט גרונט אין רוים געשפּייט.
האָט נאָר תהו וועלט גע׳מפּיל׳ט:
האָט זיך אונדזער וועלט צעצאַפּלט,
צאַפּלט עד היום פארשייט.
האָט נאָר תהו וועלט גע׳מפּיל׳ט:
האָט אַ פויגל זיך צעצאַפּלט,
פליגלען ווייסע ברייט צעשפּרייט.
פון דער צויבער פויגל ווייסער,
ווי די וועלט אַן אַלטע מעשה,
מענטש האָט מענטשן אָנפארטרויט.
איז אַ פויגל פייל פון בויגן
פון קדמונים אומגעפלויגן —
ניט געזען קיין אָפּשטעל וואו.
לויפן דורות, שווינדן יאָרן:
זינט די וועלט איז וועלט געוואָרן
האָט נאָך פויגל ניט קיין רו.
ערגעץ אין אַ ווייטער לאַנד,
בלענדט די זון פון הימל־ראַנד,
קוועלט די פרייד אין פיאָלעט־בלוי.

דורך די רוימען פויגל פליט,
צו דעם לאַנד וואָס רוט און בליט:
זינגט און דרינגט און טריפט מיט טוי.

פליט ער, ציט ער הין און הער,
בליצט זיין אויג מיטן יעדן קער,
וועלט אין אומרו האָט קיין רו.

ס׳הט דער בוים קיין בלעטער ניט.
אויפן פעלד ניטאָ קיין שניט.
וואו איז יענע לאַנד, אוואו?

פויגל פליט דורך אַלע צייטן,
שטורעם קערט פון אַלע זייטן,
וויל דער פויגל אים צעברעכן.

חושך וויל דאָס ליכט פאַרצערן,
ים מיט ברעג ניט שלום ווערן,
טומאה וויל די קדושה שוועכן.

פליט דער פויגל פייל פון בויגן,
לאָזט זיך ניט פון וועג אָפּנויגן,
בענקט צום לאַנד פון בארג נבו.

לויפן דורות, שווינדן יאָרן,
וועלט איז אַנדערש ניט געוואָרן,
פויגל האָט נאָך ניט קיין רו.

פלוצים, ס׳גלויבן ניט זיינע אויגן:
וואו איז פויגל דאָ פאַרפלויגן?—
רויט און וויסט איז פעלד געוואָרן:

הורבעס אָנגעגראָבן ערד,
מענטשן־גלידער, בוים און פערד.
ווער האָט דאָ דעם זין פאַרלאָרן?

קלעמט אַ וועלט אין טויזנט קלעמען:
שווער דעם פויגל צו באַנעמען
וואָס סע זאָל אַזוינס באַדייטן.

שווימען, וואַליען קנוילן רויכן,
טומלען, ראַשן אין די הויכן
פון די טיפע, טיפע ווייטן.
ראַפּטאַם האָבן זיך באַוויזן
פויגלען אייזן, פויגלען ריזן,
מיט די קעפּ אין בויך באַהאַלטן.
פון דער ערד צי פון די וואָלקן
איילן אימפּעטיקע פאָלקן:
הוזשען, פּילדערן, געוואַלטן.
פויגלען ריזן, שטאָל און אייזן,
יעדער וויל זיין גבורה ווייזן:
ווער סע וועט דאָ אויבן בלייבן.
בליצן, שפּריצן — פייער שפּרייטן,
יאָגן זיך דאָ איינס דעם צווייטן,
איינס ס'אַנדערע פאַרטרייבן.
מורא גריגט ווייס־פויגל אויבן:
דונערס קראַכן, וועלט פאַרטויבן,
בליצן שפּאַלטן וועלט אין שרונטן:
וואו? אַז ערד און הימל האָט קיין רו.
בלינד איז אים דער אָפּשטעל וואו,
אָפּן זיינען אַלע גרונטן.
עמעץ לאַכט אין שפּיגל קרום,
ברענט די וועלט אַרום און רום:
און לעשן לעשט איר קיינער נים.
מענטש און וועלט נאָך ניט דערגאַנצט,
ווי אַ וואוקס אַ ווילדס פאַרפלאַנצט,
אויסגעוואַקסן, נישט פאַרבליט.
קיינער שיצט און ווערט באַשיצט,
בליצט אין נאַכט דער חיה־בליץ,
חורבן שפּרייט — און זיים מיט טויט.

קראנק איז מענטש און קראנק איז וועלט.
זוכט דער פויגל, זוכט און טרעלט,
און צו גלויבן איז ער גרייט.
ער דערקענט—ס'איז יענער לאנד,
ס'איז זיין חלום איצט צו שאנד:
גרינער פעלט פון בלוט גערוכט.
קברים נאך ניט צוגעדעקט,
מענטשן ווי די קרעט פארדעקט,
מיט ביקס און שפיז געקרעמפט, געגורט.
זעט ער עפעס שטעקט ארויס,
מיט א מויל געגנוג די גרויס
פאר א נעסט צו בויען.
פויגל וויים ניט פון געפארן,
דער וואס בויט, דער לאזט זיך נארן:
היימלאזער מוז טרויען.
פליט ער היין און הער דורך בלוי,
טראגט ער צום קאנאן-לאך שטרוי,
פלאסטערט זיך א נעסט צום וואוינען.
וויים ניט אז פארשטעקט אין שפאלטן,
ווארט געגורטער מענטש באהאלטן,
וועט דער מענטש אים דא ניט שוינען.
פלאטערט פויגל, זינגט דאס ליד:
„דער וואס בויט ווערט קיינמאל מיד.
דער וואס לעבט זאל גלויבן.
גלויבט דער פויגל — ער מוז טרויען:
ס'איז דאס לאנד — זיין נעסט צו בויען.
דא וועט מען זיין נעסט ניט רויבן.
זשומט אין הימל, שפייט און קריצט,
שטורעמט אונטער גרונטן איצט.
דונערט בעם פון אלע זייטן.

מענטשן פון די נאָרעס שטיינן,
שפּריצן גלידער, פליען צוויינן . . .
שפּליטערט וועלט פון אַלע זייטן.
שפּיצן שפּיזן פון די תהום׳ען,
פייער־צונגען פון די רוימען.
ווייסער פויגל אין דער פּיט.
דאכט אים — הענט געניטע צילן,
טרעפן וויל דער בייזער ווילן
פויגל ווייסער פון דער מיט.
ראנגלט פויגל, אויגן גליהען,
פליגלען—ווייסע פעכערס פליען,
ווייסער פוך אין רויטן ווינט.
ווי מאַמעס הענט פאַרשטעלט דעם וועג,
דער שענדער אין די שחיטה־טעג,
פון איר יונגע, צאַרטע קינד.
זיגזאגט פויגל הין און הער:
נאָך איין בלעטל און ניט מער
צום קאַנאָנען־לאָך דערטראָגן.
באַלד אָ וועט ער האָבן רו,
העכער פונם בארג נבו
זעט ער קומט אַ נייער מאָרגן.
פלוצים רירט זיך דער קאַנאָן,
צילט זיך אויף דעם פויגל אָן.
הוסט ארויס אַ שפּיי מיט פייער.
ווערט צעזיפּט אַ רעגן רויט,
רעגן רויט מיט ווייס צעשפּרייט,
פעדער־שניי ווי פוך אין פייער.
פאַלט און פאַלט ווי בלי צו גרונטן,
פלוצים מאָרגנע וואונדער אונטן—
פויגלען מחנות פליען צוריק.

ס'איז פון פויגלס יעדער פעדער,
אין מיליאָנען פויגלען יעדער,
גאָר געוואָרן אויגנבליק.
שפּרייט זיך ווי אַ שירעם־פּלאַטער,
ווייס געזיפּ ווי פון אַ קראַטער.
ווייסקייט בלענדט דער רויטער וועלט.
ס'האָט געמוזט דער פויגל בלוטן,
צו געבערן פריד־מינוטן,
פויגלען ווייסע פול דער וועלט.
וואונדער, וואונדער, איבער וואונדער,
רום אַרום אויף וועלט דער רונדער.
פרייד און פריד עס קוועלט און טרעלט.
פון דער פויגלס ווייסע פעדער,
אין מיליאָנען פויגלען יעדער,
פלאַטערט גאָר דער פולער וועלט.
ענדיק איך אַזוי אַ מעשה,
פון איין פויגל — טשאַטעס ווייסע,
פעדער־שפּריי אויף פעלדער רויט.
ווייס פאַרדעקט און רויט פאַרפלעקט,
מענטש פאַרגעסט און צייט פאַרמעקט,
און טאָג קומט אָן ווען נאַכט פאַרגייט.

# דו — און איך

שטעט און דורות ליגן אונטער גרונטן,
דער נעכטן זוכט דעם וועג ניט מער,
דו—און איך: מיר בליאָנקען אין דער לער.
פון נעכטנס זיינען מיר צום היינט דערגאַנגען,
דער מאָרגן הויערט, בויערט אונדזער געהער,
דו—און איך: זיינען אין שליחות נאָר אַהער.
עמיצן האָט זיך פאַרוואָלט א טאָג מיט נאַכט,
האָט ער א וועלט מיט וועלטעלעך פאַרטראַכט,
ווײנט דער עמיצער דאָרט און ער לאַכט.
איך און דו — מיר טובל'ען זיך אין זיינע טרערן,
מיר דאַרפן זיין געוויין דאָ און זיין פרייד דערהערן,
מיר דאַרפן פולע שליחים פון זיין שליחות ווערן.
דו — און איך, מיר וואָגלען הין און הער,
איך און דו — זיינע שליחים דאָ ניט מער.

# א נאַכט

(אין דער צייט פון די אַראַבער אָנפאַלן)

## 1

א נאַכט האָט א טאָג וואו אַמאָל אויסגעלאָשן . . .
און טייכן עס האָבן מיט בלוט זיך געגאָסן.
געוויינט האָט דאַן עמיץ אף בלוט פון די וואונדן:
נאָר נאַכט האָט צוריק מער דעם טאָג ניט געצונדן.
געוויינט האָט וואו עמיץ אף בלוט פון די וואונדן:
די מענער דער'הרג'עט, דעם מקדש געצונדן,
די פרויען געבונדן, פאַריאָגט און פאַרטריבן,
א לאַנד איז פאַר'יתומ'ט אין טרויער געבליבן.
איז אויבן, דאָרט אויבן צו כביכל אַליין
געקומען אברהם אבינו צוגיין:
די תורה און אותיות פאַר עדות געבראַכט
צום משפט אין יענער אכזריות'ער נאַכט.
דעם בורא אַליין צו דעם משפט געשטעלט,
עס האָבן קיין טענות צו אים ניט געפעלט.
— געדענקסטו ביים סיני מיט גלויבן מיט פרומען
עס האָט נאָר ישראל דיין תורה פאַרנומען.
און איצט אויב ישראל האָט גלויבן פאַרפעלט,
צעשפרייטסטו דיין פאָלק איבער גאַנצענער וועלט;
צו די גאָר וואָס האָבן דיין מקדש פאַרברענט
נאָך גיסטו ישראל צו זיי אין די הענט.
דער בורא אי שולדיקער, אי שופט געוועזן,
די טענות האָט ער פאַר גערעכט איינגעזען.
איז דער בורא, כביכל, הקדוש־ברוך־הוא אַליין
אין מסתרים־קאַמער פאַרגאַנגען אין געוויין.

האָט כביכול געטאָן צו זיך אַליין זאָגן —
שווער איז מיין פאָלק מיר דיין ווי צו פאַרטראָגן.
„הלואי וואָלסטו מיך פאַרלאָזט און מיין תורה געהיט,"
ווייל העלפן איך קען דיר מיין פאָלק איצטער ניט.
און שפּעטער, אין נײַ־שטאָט, אין ווייט ווייטער לאַנד,
פון „סוועט־שאָפּ" אַ דיכטער פון גרויסן טאַלאַנט
געזען האָט אַ וויזיע: „אַף ווערבעס אַף שטומע"
דער חלום געהאַנגען איז נאָך פון דער אומה.
טייכן עס האָבן מיט בלוט זיך געגאָסן,
אַ נאַכט האָט דעם טאָג וואו אַמאָל אויסגעלאָשן
און האָט נײַ באַגינען שוין מער ניט געצונדן,
געוויינט האָט דער בורא אַף בלוט פון די וואונדן.

**2**

נאָר ליכט — ביינקט אין חשכות צו ווערן געצונדן,
ס׳וויל לייכטן און היילן די בלוטיקע וואונדן.
שטראַל וויל ניט וואַרטן און צייט וויל ניט זאַמען,
וויל בלענדן דאָס ליכט איבער לענדער און צאַמען.
עס זיינען פאַרלאָפן פיל דורות און יאָרן,
ס׳ראַנגלט דאָס פאָלק זיך. פאַר׳עקשנ׳ט געוואָרן
ווי בוים קעגן שטורעם, ווי ברעג קעגן ים׳ען,
ווי שטיין און ווי שטאָל קעגן צערנדע פלאַמען.
איז אַ נביא געקומען און ליכט אָנגעצונדן,
געגומען פאַרבינדן און היילן די וואונדן,
געוועקט און גערופן דעם מדבר באַצווינגען,
מיט וואונדיקע טריט מיט דעם אַקער צו דרינגען.
דאָס פאָלק האָט מיט האַמער און סערפּ זיך צעקלונגען,
מיט לידער און ארבעט, געבויט און געזונגען,
האָט פעלד זיך צעבליט און בוים זיך צעשפּראָצט,
פון קבוצות מיט נאַקעטער עקשנות געטראָצט.

דאָס וואָרט פונם נביא איז קלאָרער געוואָרן —
דורך וואָרט פונם נביא — איז וואָרהייט געוואָרן.
„על תנאי קענסטו האָבן אַן אַלט־נייע לאַנד״—
דיין „אומקום״, דיין אויפקום ליגט אין דיין האַנט.
האָבן שונאים דערזען אַז עס בליט און עס גליט
וואָס פאַר טויזנטער יאָרן געזען האָט מען ניט —
דאָ האָבן זיי גיפטיקע רשעות פאַרטראַכט:
צו צינדן די פעלדער אין טויאיקער נאַכט.
ביינאַכט האָט געצערט און געפרעסן דער פלאַקער,
בייטאָג — האָט געזונגען, גערדרונגען דער אַקער.
און וואו נאָר עס האָט זיך אַן אויג נאָר געווענדט,
געבליט האָט די ברכה, די ברכה פון הענט.
אַ נאַכט האָט אַ טאָג וואו אַמאָל אויסגעלאָשן
און טייכן עס האָבן מיט בלוט זיך געגאָסן.
האָט עמיץ באַגינען אונדז ליכט אָנגעצונדן,
גענומען פאַרבינדן און היילן די וואונדן.

## קברים מיינע לידער

קברים, קברים — מיינע לידער,
— טעג און נעכט אין זיי באַגראָבן.
טעג — איך זאָל אייך ווידער האָבן:
ווי וואָלט איך גע׳חלום׳ט ווידער,
אויסגעפּיבערט נייע לידער.
שעה׳ן פון פאַרגאַפטן מאָנען,
רגע׳ם — דויער — פּיין און גליק:
איך קומט מערער ניט צוריק.
לידער — רגע׳ם מיר דערמאָנען:
כ׳קען אייך אין מיין ליד דערקאָנען.

# איך דאנק

(בא דעם בעט פון א חולה)

איך דאַנק דער רגע ווען איך עפן מיינע אויגן אויף, איך דאַנק.
פאַר קינד און קראַ איז יעדע שעה פון חסד אַ מתנה.
אונזער ערשטע רגע געבערט אַ לעצטע שעה און עקט דאָס לעבן
אין סכנה.
קלאַפּט דער גורל מיט אכזריות־פינגער—ווערן גבורים קראַנק.
דאַנק איך יענע רגע ווען מיינע אויגן קוועלן אויף, איך דאַנק.
אונזער טאָג פאַר׳משפּט איז צו בלינדקייט פון דער נאַכט:
די האַנט וואָס זייט, אויך שאַרפט די סערפּ—דער שגעון האָט
געוואָלט,
און עס פאָלגט—דער שלייפשטיין שאַרפט, דער מילשטיין מאָלט.
— וואַרט אויף יעדער ראָג די לעצטע שעה, ווי ס׳האָט צייט אויף
וועלט געוואַרט,
צו פירן אונז צוריק פון באַרג אַראָפּ אין תהום פון נאַכט.
אין אויפלויכט פון מיין ערשטן בליק שפּיגלען זיך אייביקייטן אָפּ.
— פון פּאַרטייעטקייט בליאַסקעט אַרויס דער אָנהויב פונם סוף
פון אַ גסיסה־וועלט — אַז פון קדמונים אָן איז קראַנק:
דאַנק איך יענע רגע ווען איך עפן מיינע אויגן אויף, איך דאַנק.

## אינם אויפגיין — פארגיין

די זון — קומט און פארגייט.
א מענטש — שטארבט בא א פלויט,
ניט דערפלאנצט, ניט דערזייט,
געלאָזן פעלד אויף בּראָט.
ערגעץ לאכט מעפיסטאָפל:
„נאריש חכם דו מפיל,
אפן לייטער אָן שטאפל
גרייכן ווילסטו צו גאָט."
נאָר מעפיסטאָ מוז לאכן,
זיך זעלבסט לוסטיק מאכן . . .
ווען מענטש וואָגלט אף דרכים
צו דערגרייכן זיין גאָט.
ניט דערגאַן, צו דערגיין
דעם געהיים צו פארשטיין
פונם מילב, פונם שטיין
די כוונה — פון גאָט . . .
ביסט דאָך, מענטש, ניט אליין
אינם אויפגיין — פארגיין
און פארגיין — צו דערגיין
מיטן וואונדיקן טראָט.
דיין גאָט וואַרט אינם שטיין;
ער גייט מיט אינם גיין,
מיטן מענטשן צו דערגיין
אזש צו אים — אונזער גאָט.

# א מאַרטש פון טויטע

נאַכט!
שטערן אויסגעלאָשן.
פאַרשטילטע שטילקייט — שטילט,
וואַרט און וואַרט.
פּלוצים:
רייסט אַ זייגער־קלונג די שטילקייט איבער:
איינס —
צוויי.
ציילט אַזוי זיך לאַנגזאַם אין דער נאַכט אַריין:
דריי —
פיר,
ביז צען און עלף.
און נאָך דעם קלונג פון צוועלף . . .
האָט געפּלאַצט פון אונטער גרונטן אַ געררויש,
ווי ס'וואָלטן זיך אַ יאָג־געטאָן
הונגעריקע סטאַיעס וועלף,
האָט זיך דערהערט פון אַלע זייטן
אַ משונה קול:
— שטייט אויף, קדושים!
מתים! שטייט אויף.
איך וועק אייך צום ערשטן מאָל . . .
קומט אַרויס פון די באַהאַלטענישן,
— פון די קברים קומט אַרויס.

---

אונטער דער ווירקונג פון „דענס מאַקאַבר" פון סיינט סערנס וואו דער טויט רופט די טויטע צום טאַנץ, נאָך דעם קלונג צוועלף פון דעם זייגער. סקעלעטן טאַנצען ביז באַגינען, ווען דער האָן גיט זיין ערשטן קרעה.

דער וואָס לעבט דאָ, איז דאָך טויט;
דער וואָס טויט, איז ניט געשטאָרבן.
דער טייוול האָט מיין אָרט פאַרנומען,
מאַידאַנעק איז פאַרשטילט,
מער ווי שטויב און חורבן איז ניטאָ.
אַשעס, זיינען פאַרן לעבן נאָר אַ סימן טויט.
איר, איר לעבט אין צוועלפטער שעה.
דער וואָס איז בשעתו . . . דאָ געוועזן
וועט אין לעבן תמיד זיין.
אַ לעצטער זיפץ, אַ לעצטן געשריי
איז נאָר דערוואָרגן שטיל געוואָרן.
דער וואָס שטאַרבט ניט פון מיינע הענט
האָט די אייביקייט דערוואָרבן
און איז קיינמאָל ניט געשטאָרבן.
איך, איך בין ניט אייער שעכטער.
„בנות יעקב'ס" צנועות טעכטער,
איר זייט עדות אין אייער קדושה,
געבויגן האָב מיין קאָפּ אין בושה.
— שטייט אויף, איך טראָג אַ שליחות איצט . . .
ס'וויל די נאַכט האָבן אַ זין . . .
איך בין אויך ניט וואָס איך בין.
קומט מיט מיר אין מאַרטש אַהין.
טאַנצט אַ טאַנץ, שטאָט איין, שטאָט אויס,
פון טרעבלינקע צו בערלין,
צו בערלין — — —

האָט פון דער ערד אַרויס גענומען שווימען
ווייסער רויך.
פאַרמירן ליכטיקע סילועטן,
ביינער ווייסע מענטש סקעלעטן.
האָבן סילועטן זיך גענומען וויגן,
ביינערדיק געקלאַפּט אַ ניגון:

ברוך בוינע, בן־בערדין,
בערגער ברידער פון קאטרין.
לאָמיר אַלע גיין אהין,
פון טרעבלינקע „קיין בערלין.״
אַז אָן ווידוי און אָן שטאַרבן,
אָן אַ קבר אונדז פאַרזייט,
דורך אַ קוימען האַרץ און שאַרבן,
אַשעס, האָט דער ווינט צעשפּרייט.
ניט קיין טאָג און ניט קיין שיין,
זאָל שוין נאַכט אונדז ליכטיק זיין.
— בערל בעקער, פון בורשטין,
באַשל בינדערס, זיבן זין —
מאַרטשן אַלע מיר אהין,
פון טרעבלינקע קיין בערלין.
אַז אַ שול מיט אידן ברענט
און פאַרשלאָגן איז די טיר —
ברענט די תורה אין די הענט,
אָן די ווענט קעפּ קלאַפּן מיר.
ניט קיין רעטונג, ניט קיין שיין,
זאָל די נאַכט איצט ליכטיק זיין.
— ביילע בדחנ׳ס כלה־מויד,
קום מיין חתן פון דער בויד.
קום פאַרשטערן ווילדע פרייד,
וואו עס וויינט מיין חופּה־קלייד . . .
אָן אַ שלייער קום קיין פּרייסן,
אָן כלי זמרים — קיין שטעטין.
באָבע ברײַנע וועט באַווייזן
לעקעך באַקן קיין בערלין.
פאַר דעם פייער פלאַקער־שיין
אונדזער חופּה זאָל דאָרט זיין.

וועקט זיך, רעגט זיך, שטילער ווייטן,
מתים אין דער לופטן רייטן.
הענט און פיס, סקעלעטן — וויגן,
נעענטער קומט אַן זייער ניגון.
וואָרקייט דרעמלט אינם נעכטן,
קלאָרקייט ראַנגלט זיך אין נעץ.
פאַרן אויג איז זון געשטאָרבן,
מיר גערדאַיען אינם קץ.
ניט געריכט זיך, ניט געגרייט,
אַשנשטויב און ווינט פאַרזיין.
לאָזט אונדז הימל ניט אַריין,
„מיר זאָלן אין דער וועלט נאָך זיין."
ניט דערלעבט און ניטדערשטאָרבן,
נע ונד בלאָנקען מיר.
טענות יוירן אין דער שטומקייט,
אומרו, וואַנדל, אין דער רוימקייט.
קלאַפּט אַ האַרץ וואו? בעט דאָרט רחמים.
דרעמלט אַ נשמה, רייס די טיר.
ציט אַ מאַרטש, פּאַר מייל און מיילן.
טרעפּלען זיך ווי ווייסע כוואַליען
קעפּלעך — פּערלמוטנע שטראָמען;
ווייסע שמעטערלינגען,
טאַנצענדיקע רינגען,
נענטער ווערן.
יונגע קול׳בעלעך זיך הערן —
זינגען.
— טאַטע! מאַמע! קדושים אידן,
נעמט אונדז מיט.
לעבן האָט אונדז אויסגעמיטן,
זיינען מיר דאָ גלייך צו זקנים,
גייען מיר מיט אייך אינאיינעם

מיט דעם טויט, זיי צו דערלייזן,
זייער רוצחות זיי באווייזן:
משפט'ן מיט פולע גאָבן,
וועלן מיר אויך רו דאַןהאָבן.
קינדער חלומ'ען דאָרט פאַרוויגטע,
ניגונים דרינגען.
„מוטערס" זינגען נאָך פאַררוקטע:
„מילך מיט האָניג די באַזיגטע.
סוואַסטיק־פּאָגען ערשט צעפליקטע
וועט א „פיורער" נאָך באַנייען."
— קומט פון חלום זיי באַפרייען,
זינגען זיי פון גרויל א ניגון,
מיט סקעלעטן־הענט זיי וויגן.
האָט א שוואַכער פרויען קול
זיך געשטאַרקט פון טיפן טאָל.
יעדער וואָרט אירס ריזשלט, נאָגט,
ווי א ווינט האָט זיך צעקלאָגט:
— גרויל און פייער מיינע אויגן,
ס'האָט מיין קינד אין מיטן זייגן
זיך פון גאַז געגומען שטיקן.
יענער גרויל זאָל זיי צעפליקן,
יענער פייער זאָל זיי ברענען,
צייט זאָל ניט פאַרלעשן קענען.
נאָר צו וואָס די שטראָף זיי ציילן:
ניט פאַרגיטיקן, ניט פאַרהיילן
קען שוין זייער שווארצע בלוט,
ביימן זאָל אַן אייזן רוט זיי —
אונדז וועט אנדערש שוין ניט ווערן.
לאָמיר זיך צוריק אומקערן
צווישן טייכן אָדער רייהען,
אונדזער פוס־טראָט זאָל ניט זיין.

כ'האָב מיר בלינד געמאַכט די אויגן,
כ'וויל ניט זעען מיין קינד מער זויגן.
מוחל זייער בלוט צו זען,
זאָל געשען וואָס דאַרף געשען.
טויט אליין קאָן גיין און טויטן,
זאָל הצלחה אים באַגלייטן.
פעלד און וואַלד האָט זיך גענומען וויגן.
טיפער אומרו איז אין נאַכט געשטיגן.
האָט אַ קול אַ ווייטער זיך דערטראָגן,
שוואַך און מיד גענומען זיך באַקלאָגן:
— אז איר וואַכט אין אַזאַ נאַכט,
האָט מיך דער שטויב צון אייך געבראַכט.
— איך טראָג נעמען אַלערליי
און מע זעט מיך איבעראַל.
איך בין יחיד, איך בין כלל,
נאַכטיגאַל און ווינט־זאַוויי.
מיט מיין פּאַק — אַלט, איינגעבייגן,
מיט מיין וואַנדערשטאַק אין האַנט
גיי איך אום פון לאַנד צו לאַנד
מיט דערוואַרטונג אין די אויגן . . .
אויסגעגאַנגען אַלע ראַנדן,
דאָך געפין איך זיך אין מיטן.
יאָרן טויזנטער געליטן,
ניט פאַרמידן פּיין און שאַנדן.
וואו גענעכטיקט, ניט געטאָגט . . .
ניט דערקענט און ניט פאַרשטאַנען
אין אַ וועלט וואָס ווילט ניט אָנען
דעם אָן היים, אָן גאַנד געיאָגט.
כ'טו מיין גורל זיך ניט וועהלן,
קיינער וויל די וואונדן לינדן.
גרויס דער שנים ניט צו פאַרבינדן,

ס'קען נקמה ניט פארהיילן.
פייער האט געצערט, געלעקט,
ישובים אנגעפראבט געמעקט.
די שול, א מאמע, קינד און וויג,
קרבנות הייליקע צום זיג . . .
טיף בזיון, גרויס דער קלאג,
צענדליק טויזנטער א טאג.
מיט א טאלק א פאלק פארלענדט.
מענטש האט פשוט מענטש געברענט.
ס'האט א וועלט פארקוקט, פארשוויגן,
קרבן־אידן — לטובת זיגן.
איז פאר זריעה אונדזערע אשעס?
שווייגט דער ענטפער — פרעג קיין קשיות.
קיינער קען דעם גאנג דערקלערן,
טוי דער וועלט — ישראל'ס טרערן.
נעכטן שפאניע, היינט בערלין,
ניי דער וועב, נאר אלט דער שפין.
פרעמד איז זיי גר־תמיד שיין,
טאפט מוז אונדזער בלוט נאך זיין.
וועלט מוז טובל'ען זיך אין טרערן
און דורך בלוט געלייטערט ווערן.
רעיון . . . האט דערטראכט א זין,
בליען בלומען פאר דער בין.
נאכט און טראכט, טראגט איר געווין,
אין איר חושך — א באגין.
זי שיקט א שטערן זוכן טאג,
און פארשווינדט אין איר פארבארג.
וואכט דורך נאכט א שניי־ווייס פערד,
תיקון זיינער — טראמפלען ערד.
טראגן זיך אין וועלט אריין
מיט זיין האר, דעם ריטער זיין,

און זיין האר — דאָס ליכט אליין,
לאָזט אים ווארטן, לאָזט אים שטיין.
— דורות האָפן, פעלקער בייִנקען,
ער! זיין ליכטיקייט זאָל שיינקען . . .
פון געראנגל וועלט'ס דעם בייזן,
באַלד צו שפּעט שוין אונדז דערלייזן,
און ער זאמט, פארזאמט — ניטאָ,
כאָטש עס שלאָגט די זעכסטע שעה.
לעצטער שטורעם, וועלט באוועג,
סימן פון באחרית־טעג.
וואָס זשע שווייגט ער, וואָס זשע טראַכט ער,
וועלכן דור ־ הפלגה ווארט ער?
שטיל געווען איז בארג און טאָל,
בלאָט האָט בלאָט פארטרויט א סוד.
ס'האָט געווייט מיט שכר און גנאָד,
ווען געענטפערט האָט זיין קול:
— איך מוז זיין, אין מיין ניט זיין
בין איך דאָ, כאָטש איך בין ניטאָ.
כ'ווייס ניט פון קיין זעכסטע שעה,
זוכסט מיך ווען דיין בלוט ווערט וויין:
מוז איך זיין.
דו דארפסט תמיד גיין און גיין,
איך דארף האַלטן איןאיינקומען.
רופסט! — דיין רוף ווערט ניט פארנומען.
צייט זאָלסט וויסן דאָס אליין:
פרוב פארשטיין.
איך מוז אויפגיין, דו — דערגיין.
איך אין קייטן, דו — אין וועג.
ביז די ענדע פון די טעג,
ווען די זון וועט בלייבן שטיין,
דארפסטו גיין.

איך ווייס א וועג, ער פירט צו „ארץ״,
מקוים ווערט דאָרט תחית־ישראל,
שיר און מוסקול איז איר גואל,
בא איר טויער שלאָפט קיין תירוץ . . .
ס׳איז דיין ארץ.
דאָרטן בליט א פרישער מאָרגן,
דאָרטן גלימ אן אלטער פונק,
דאָרטן ווינקט דער ערשטער וואונק,
עבר, הוה, ניט פארבאָרגן —
דאָרט איז מאָרגן.
דאָרט איז אָנפאנג נצח־וועלט,
ערשטער טראָט צו דיין דערגיין.
דאָרט איז זון געבליבן שטיין.
דאָרט צו גיין האָסטו פארפעלט:
אהינצו גיי.

באם אָקרענט

האָט זיך א שאריען אף טאָג צעבליט,
גענומען אָפרעקן בארג און טאָל.
זיינען די סקעלעטן ווי פארע זיך צעשוואומען.
זייער ניגון האָט גענומען זיך פארוויגן,
ווי עס וואָלטן זילבער־פויגל
צו א חתונה פארפלויגן.
געבליבן איז דער טויט אליין.
ס׳איז ניט זיין טבע גיין צוריק.
ארומגעגארטלט רויטע שטריק,
מיט טויזנט אויגן בליצן גרין,
אליין אוועק איז „קיין בערלין.״
געשטיגן איז די זון פון הינטערן בארג,
געשפיגלט זיך אין פרישן בלוט.
ס׳האָט וועלט גערוט.

דורך דער נאַכט:
איז אַ מענטש געהאַנגען פון אַ בוים,
ווי אַן אייז־ליכטל, איבערן אַריינגאַנג
פון אַ קוילן־שאַכט.
איז אים אויסגעקומען איצטער שטיין
מיט די פיס אויף דער אויפגייענדיקער זון.
— קען זיין ער האָט ניט געוואוסט פון דעם —
נאָר אויסגעזען האָט ווי דער מענטש
לאָזט די זון ניט העכער גיין.
זון — זאָל בלייבן שטיין.
געדרונגען האָט אַ האָן דערפון:
— טאָג קומט אָן.
צייט צו וועקן מענטש און הון.
האָט מיט רויט צעפלאַמטן קאַם,
מיט אויסגעשטרעקטן האַלדז,
אַ קרעה געטאָן דער האָן:
— ווער איז וואו — או ?
וואו — או — אוּאָ ?

# גערדאיען

עס טראָגט אונדז דער שטורם צו ווילדע מדבריות,
צו שטיינערנע גרונטן, צו זאַמדיקע פּלאַכן:
אין זאַמד צו פאַרזייען, דער מדבר זאָל וואַקסן —
דער שטורם זאָל דרייען, דער טייוול זאָל לאַכן.
אין גסיסה ביי פעלקער — דעם טויט מיר באַזיגן.
מיר טראָגן זיך איבער ווי זריעה אין וואַנדער.
ווערן פאַרטראָגן ווי זאַמד־בערג אין שטורם,
צו בויען אַ טורעם — ווען מיר פאַלן פאַנאַנדער.
ווי זריעה אין ווינטן מיר יאָגן זיך ווידער,
וואו שטורם וועט ברייננגען און ים וועט פאַרטראָגן:
צוריק צו פאַרזייען — צוריק זיך צעבליען —
און ווידער מען זאָל אונדז פון דאָרטן פאַריאָגן.
עס האָט אונדזער גואל צו־לאַנג וואו פאַרזאַמט זיך,
אין בלוטיקע טעג אונדזער רוף ניט פאַרנומען —
נאָך טויזנטער יאָרן גערדאיען און וואַרטן —
עס זיינען נאָר פאַלשע משיחים געקומען.
ווי גלאָז אין אַ שטיין איצט מיר ווערן געוואָרפן,
צעפּיצלט, עס דאַכט זיך מיר פאַלן פאַנאַנדער —
אין ראַנגל מיט פעלקער — דעם טויט מיר באַזיגן:
מיר בויען, מיר טרויען, מיר לעבן אין וואַנדער.

ח. ל. סיימאַן

# ס'האָט וואַרשע געברענט

(ל. שפּיזמאַנ'ען)

(פראַגמענט)

„אין העלישן פייער האָט וואַרשע געברענט,
מיט קוילן האָט געהאָגלט,
געדיכטער ווי טראָפּנס אין רעגן.
מיט גרילץ און מיט שוויסטש
האָט דער באָדן גערודערט, געשפּליטערט;
דעכער און ווענט פאַרשניטן דורך בליץ,
דאָס פייער האָט הייזער געלעקט —
ביזן גרונט אָפּגעמעקט.
פון הימל —
האָבן געזשומעט און געטויבט לופט עסקאַדראָנען;
אייזערנע אָדלער האָבן פייער געשפּייט.
אונטן, איז דער שונא געדרונגען פון אַלע זייטן
דורך חורבות פון גאַסן,
פלאַמען געוואָרפן פון טאַנקען,
פאַרבליבענע הייזער —
ווי זאַנגען אין פעלד אָנגעצונדן.
האָבן רינגען רויך זיך צעוואַליעט, צעקנוילט,
מיט צונגען פייער צום הימל געפלאַטערט,
די שרפות — ווענט האָבן אַרומגעכאַפּט,
אַ נעץ פון אַלע זייטן.
האָבן זיך מענטשן ווי היי אין פייער
געדרייט און געשרומפּן, געוואָרן פאַרלענדט.
און האָט פון ערגעץ אַ פענצטער
מאַמע און קינד זיך געוואָרפן —

האָט אַ נאַצי מאַשין־ביקס
זי אין פאַלן באַשאָסן.
האָט געשווינדלט אַ מהומה, אַ געלאָף,
האָבן מלאכי חבלה דאָס לעבן געשמיסן —
משפחות צעטיילט און צעריסן.
האָבן מאַמעס געגרופן אָן כחות די קינדער
און ברודער האָט שוועסטער געזוכט;
געזוכט — און געוואוסט,
ער וועט פון דער שוועסטער'ס אומקום
זיך מער ניט דערוויסן — — —
איך האָב געהערט אַמאָל דעם ברום פון אַ לייב,
דעם קריטש פון זיינע ציין;
נאָר ווי קומט ער צום קוויטש
פון אַ מאַמען אין מיטן געלאָף,
ווען זי האָט פּלוצים דערזען
אַז פון אירע הענט איז דאָס קינד איר'ס געוואָרן פאַרשניטן,
פאַרטראָגן, צעריסן,
נאָר דעם קינד'ס הענטל
איז דער מאַמען אין האַנט נאָך געבליבן.
איך האָב געזען דער מוטערס אויגן,
ווי פייער אין גלאָז.
אירע פינגער אין די אייגענע האָר פאַרקלעמט,
אַליין מיט זיך — ווי צוויי חיות — געקעמפּט,
ס'האָט זיך אַ מענטש מיט אַן אייגן פייער פאַרברענט.
ווען ס'האָט וואַרשע געברענט;
זיינען מענטשן געלעגן אין קעלער פאַרשטעקט—
ווי ווערים פאַרקראָכן.
האָט אַ בראַנד זיי פאַרשאָטן,
געבראָכן באַלקנס און קנאָכן . . .
האָבן מענטשן געפּרואווט פון די קעלער אַרויס;

אַף אַלע פיר, ווי עס גראָבן זיך קראַטן —
צו לויפן אָן אַ פּאַראוים און אָן אַ וואוהין —
דורך אַ פלאַמיקן נעץ פון אַ פייערדיק שפּין.
אַ רדאַגאָן צווישן הימל און ערד,
וויל דאַ מיט פלאַמיקע צונגען פאַרלעקן,
פאַרלענדן, פאַרצערן, דעם מענטש, אַזוי ווי זיין שמעקן . . .
האָט עמיץ דורך פלאַמיקע ווענט זיך געריסן,
אַוואו? ווי אַזוי?
ניט פרעגט ווי אַזוי —
ס'איז דער מענטש דעמאָלט מענטש ניט געוועזן,
ווען ס'איז גאָט אין דער וועלט ניט געוואָרן.
ניט אַנדערש, ס'האָט געדאַרפט קומען אַ גרוס —
אידיש בלוט לזכרון . . .
האָבן כחות געקלעמט,
זיינען נסים מעגליך געוואָרן.

## וועלט אין קאַן

האָט מענטש געהאַט אַ גאָט,
איז גאָט צו אים געקומען,
האָט גאָט געהאַט אַ הימל,
האָט אים דער מענטש פאַרנומען.
איז הימל מער קיין דאַך ניט,
איז לאַנד קיין היים ניט מער.
איז אונדזער בלוט קיין בלוט ניט,
איז אונדזער טרער קיין טרער.
האָט אָפּגעטאָן זיך גאָט,
האָט מענטש זיך אויסגעטאָן.
שפּילט גאָט מיט מענטשן אַ ברוגז,
איז גאַנצע וועלט אין קאָן.

# דעם חסד׳ל׳ס תיקון*)

(פראגמענט פון „ס׳האָט וואַרשע געברענט״)

ערשט נאָכדעם ווען ס׳האָט אויפגעהערט זשומען,
און שטיל איז געוואָרן דער דונער און הוסט פון קאַנאָנען—
איז אַ נאַכטיקער הימל אַרונטערגעפאַלן,
די שטערן — וואו ערגעץ פאַרלאָרן.
איז וואַרשע ווי אַן אויסגעלאָשן שיף געזונקען
אָן דעם קאַפּיטאַן, אָן מאַטראָזן.
און דער תהום אָן אַ דנאָ איז געוואָרן.
האָט מען וואַרשע געלאָשן:
ווי לעכער פון אויסגעשטאָכענע אויגן —
אַ פּוסטע האָט וואַרשע געבלוטיקט.
ווי גרעזער ווילדגראָז צווישן שטיינער —
ניט געזייט, ניט געוואָרימט,
האָבן איצט אַ שפּראָץ געטאָן —
פיס און הענט
פון אונטער צעשאָטענע ווענט:
אַף די גאַסן, אַף די וועגן,
ווי, להבדיל, ווערים נאָך אַ רעגן.
— קרבנות צעוואָרפן מיט אָפענע הענט
האָבן געבעטן — נקבר צו ווערן.
זיינען די „חסד׳לעך״ געקומען צולויפן,
זיך זעלבסט געשפּאַנט אין די רעקשעס,

---

*) „חסד׳ל״ האָט מען גערופן די מכלומרשטע הענדלער פון אַלערליי רעשטלעך סחורות, ווייל עס איז געווען אַ „חסד״ אַז זיי לעבן דורך אַ טאָג אין דער אָרעמקייט. די „חסד׳לעך״ זיינען צוערשט געדולדעט געוואָרן פון דער נאַצי אָקופּאַציע, מיט דעם וואָס זיי האָבן געהאָלפן רייניקן די גאַסן. . .

ניט מיט דעם אופן ווי אין פאַר־מלחמה טעג,
עפּעס בחצי־חנם צו פאַרקויפן,
נאָר ווי פויגלעך אין געהעפטן אָנגעפלויגן,
ווי ווען די באַלעבאָסטע גיסט אַרויס
דעם איבערבלייב צום נייוועץ,
אַזוי האָבן די „חסד׳לעך״ געקליבן קרבנות,
גלידער צעקרימטע, צעפליקטע,
מיט אויגן אויסגעגלאָצטע, פאַרגלאָזטע,
געלייגט זיי אויף די ריקשעס
איינס אַפן אַנדערן ווי שייטלעך האָלץ,
זיינען הענט און פיס אַראָפּגעהאַנגען
ווי צעקראָכן שטריק,
זיך געוויגט — הסכמה׳דיק
צום דאָרטן — אַהין, אַהין —
אונדזער אַלעמענס אַ ה י ן —
דער וועג צוריק . . .
ווען לעבן ווערט דער גיהנום —
איז טויט דער זין פון גליק.
ווייל דער וואָס לעבט ניט מער
וועט ניט בלייבן ליגן דאָ צו פויגל־רויב,
האָט דאָך דער „חסד׳ל״ אַ תיקון ערשט געקראָגן —
די טויטע צו באַגראָבן,
און זיין שכר איז געווען דערפאַר —
צוגלייך מיט אַלע אויך אַ קבר האָבן.

# דאָס לעבן איז הפקר

אין מאַרש פון אַרמייען, פון שטאָל - האַטענטאָטן,
פון רוצחימ׳שע שטיוול דער מענטש ווערט צוטראָטן.
קהילות פאַרטיליגט, ישובים צעריבן,
משפחות צעריסן, און ווער ס׳איז פאַרבליבן:
פון הונגער געשוואָלן, פון בושה פאַרפייניקט,
פאַר די אויגן פון טאַטן האָט זיך טייוועל גע׳תענוג׳ט.
דער טויט האָט אויף לעבן פון ווינקלען געלאָקט,
און מענטש איז געלאָפן, אַנטלאָפן פאַריאָגט.
פאַרוואָרפן אין טאָקיאָ, שאַנכאַי, און אין קריט,
נאָר ווייטער צו לויפן, מער קען מען שוין ניט.
נו, שטראָמען אָן מענטשן דורך נסים אַנטלאָפן,
אָן מיטלען, אָן רחמים, אָן ציל, און אָן האָפן . . .
און ווייטער צו לויפן, מער קען מען שוין ניט,
בלייבט מען אין טאָקיאָ, שאַנכאַי און אין קריט.
פאַראַן וואו אַ לאַנד, עס רוט וואו אַ ברעג,
און צענדליקער טויזנטער בײנקען אין וועג.
זיי ווייסן, עס וואַרט דאָרט אַ ברודערלעך האַנט,
און גרייט איז דער ברודער זיי נעמען צום לאַנד.
נאָר עמיץ אָן האַרץ, אָן חסד, אָן שאַנד,
דאָרט שמידט אַרום לאַנד אויס אַן אײַזערנע וואַנט.
און וועלט איז פאַרשטומט, אָן משפּט, אָן דין,
און מענטש איז פאַרשטיינערט, אָן איינזען, אָן זין.
דאָס לעבן איז הפקר, וואָס הייליק פאַרשוועכט,
דער שוואַכער איז שולדיק, דער שטאַרקער — גערעכט!

ח. ל. סיימאן

## זעה, סע קומט א מארגן!

טיפער שווארצט די נאכט — פארמאכט איז טיר און טויער. . .
— ליכטיק טאָג ליגט נאָך דערווייל אין תהום פון דויער,
טראָג א גלויביקער די לאסט פון אַלע יאָכן:
וואַרט — און וואַרט:
זאָל טליען דיין בטחון.
וואַרט — סע קומט נצחון — קומט צו אונדז ישועה.
קיום מאָנט ביי גאָט: „מקיים זיין דיין שבועה.״
נעענטער ווערט דער טאָג, מיין פאָלק, וועסט גיצל ווערן!
לעב! דערלעב!
זאָל האָפנונג דיך נערן.
ליכטיק טאָג ליגט נאָך דערווייל אין תהום פון דויער,
עקשנות׳דיק טראָג דיין געביין דורך חשכות־דויער.
צוליב א וואָלקן קען ניט אייביק בלייבן זון פארבאָרגן. . .
גלויב און וואַרט —
סע קומט א מאָרגן!

## אין געבלענד

געפינסט דאָ דיין גליק און פארלירסט דאָ דיין גליק,
אַף וועגן דו זוכסט אומבאַוואוסט,
דער צויבער פון ווייטקייט און נאָענט פארשווינדט,
פארשווינדט דער באַגער און די לוסט.
נאָך כשופן נייע, ווייט וואַרטן פאַר דיר;
און בלענדן אַנטקעגן מיט גליק,
נאָר צויבער פארגייט און פייער ווערט אַש,
דער מאָרגן טוט זיינס אַליין צוריק.

## קומען וואַלקנס — פאַלן טראָפּנס . . .

מענטש מיט מענטש איז אין געראַנגל,
ברודער וויל ניט ברודער שויענען.
שפּייט מיט פייער פונם הימל,
אין די קעלערס מענטשן שטוינען.
קינ׳ס הענט ניט אָפּגעוואַשן,
חבל׳ס וואונדן ניט פאַרבונדן.
גאָט׳ס וואָרט האָט קין ניט פאַרנומען,
איז אין מענטש — דער מענטש פאַרשוואונדן.
הייליק לעבן — איז הפקר - לעבן,
קין וויל ניט הבל׳ען שוינען.
קומען וואָלקנס — פאַלן טראָפּנס . . .
— הינטער וואָלקנס גאָט טוט וויינען.

## אַף די וועגן

אין דער טיפקייט פון דער נאַכט,
עמיץ שטייט דער ערשטער אויף,
וואַרפט אַף זיך דעם פּאַק ארויף,
איידער נאָך ס׳קרייט דער האָן
און ס׳צינדט דער טאָג זיך אָן.
קומט מיט פּאַקלען אים אנטקעגן!
לאָמיר לייכטן אַף די וועגן:
אונדזער פרייד זאָל אים באַגריסן;
אונדזער ברכה אים באַגלייטן,
אַף די וועגן, אַף די וועגן.

# טריאָלעטן

מ. טקאַטשן

קענסט ניט מוסר׳ן דעם טיגער
פאַרוואָס אים זיינען שאַרף די ציין,
פאַרוואָס דער טיגער איז אַטיגער:
איז ניט יושר׳דיק און קליגער.
קענסט ניט מוסר׳ן דעם טיגער
פאַרוואָס ער לויערט אַף דער לעמעלעס געביין.
קענסט ניט מוסרן דעם טיגער
פאַרוואָס אים זיינען שאַרף די ציין.
אַ לעמעלע דאַרף זיך פריער באַקלערן,
נישט אין ווילדן וואַלד פאַרגיין:
מען טאָר דעם טיגער אינם שלאָף ניט שטערן.
אַ לעמעלע דאַרף דעם פאַסטוכ׳ס פייפל הערן.
הערן, קלערן און נאָך אַמאָל באַקלערן,
אַז טיגער איז דאָך טיגער אין די ציין.
אַ לעמעלע דאַרף טויזנט מאָל באַקלערן,
נישט אין ווילדן וואַלד פאַרגיין . . .
אומזיסט דער מוסרן דעם טיגער,
פאַרוואָס ער קריצט זיינע שאַרפע ציין,
און לויערט צו זיין דער זיגער
איבער לעמעלעס געביין . . .

# אונדזער צער האלט מער קיין סוד ניט

**מיין זון אריה!**
**„ערגעץ אין פּאַסיפיק"**

איז אַ מענטש אַראָפּ פון זינען,
האָט אַ פאָלק זיין גאָט צעבראָכן;
און אַ ווייסע טויב געשאָכטן . . .
— איז אַ וועלט אין בלוט פאַרקראָכן.
ברענען הימלען, ברענען לענדער,
ווילד רציחה האָט קיין גבול . . .
פון מיין זון שוין ניט געהערט לאַנג,
איז מיין האַרץ מיט אים איצט פול.
שליס איך נאָר די מידע אויגן,
זעה איך בערג זיךאיבערקערן;
הענט און פיס, אין בלוט און פייער,
ראַנגלען פון פאַרשאָטן ווערן.
און זיין פּנים — בלאַס און פיינליך,
איז אין רויך פאַרביי געשוואומען . . .
בין נאָכגעלאָפן — אים גערופן!
האָט מיך דאָס לשון אָפּגענומען.
זינקט פון אונטער מיר די ערד.
פון אויבן הערט ניט אויף דער זשומען.
פלוצים, איך זעה: דער פרומער זיידע!
אַ פאַרשטייבטער . . . איז דאָ געקומען;
היילט אַוועק דורך רויך און פייער,
שטעלט זיך אין געפּאַר ניטאָפּ. . .
שוואַרצער פויגל פּיקט מיין קאָפּ.
טוקט זיך שרעק אין מיינע אויגן.

# שווימען שיפן איבער ימ׳ען

## 1

פוסטעוון בא לייטן לענדער . . .
— אף א רפואה ניט קיין פרעמדער.
ניט מע זייט און ניט מע פלאנצט,
אָן געזאנג, אָן האָרא טאנץ;
יעדער היט זיך דאָרט זיין גרענעץ
ניט צו שטערן זיך דעם גענעץ . . .
זיצן פעלקער דאָרט פארשטאַרט,
געל ווי זאמד — ווי פארמעט הארט.

## 2

שווימען שיפן איבער ימ׳ען,
קינדער ציען צו דער מאמען,
מאמע ערד — און מאמע לאנד,
דאָס לאנד — די קינדערלעך באקאנט.
נאָר ס׳וויינט מיט איר דאָרט אבו־כאן,
אבו־כאן דער פוילער מאן.
ער שלאָפט מיט שלאָף פון איבערזעט —
זי וואלגערט זיך נעבן זיין בעט.
קומען קינדער אָן באנאכט,
טיר און לאָדן צוגעמאכט,
זאמד און שטערן, בלויע נאכט —
איז אין כשוף דאַן פארטראכט.
קומט מאמע־ערד צו זיי ארויס,
בלייבט שלאָפן אבו־כאן אין הויז.
גלעט זי אויסגעוויינטע הענט
פון אירע קינדער אין דער פרעמד . . .

## אינהאלט